# קאַפּיטל א

בראַזיל האָט איציקן באַגעגנט מיט א רעגנדיקן טאָג. א בייז צעפּינע־טער אַטלאַנטיק האָט געבלאָזן מיט א קאַלטן ווינט און מיט זאַלציקע טראָפּנס. פון הינטער זיינע האָריזאָנטן האָבן זיך געיאָגט טשערעדעס גראָע כמאַרעס. זיי האָבן פאַרטונקלט די גערדיכט־פאַרבויטע שטאָט, איינגעהילט די הויכע פּאַלמען און קאַקאַ־ביימער, וואָס האָבן ערשט פריער, ערב דעם דערנענטערן זיך צום האַפן, צו איציקן אזוי גאַסטפריינטלעך זיך גענויגט.

ס׳איז געווען אָנהייב חודש מערץ. די גרויסע בראַזיליאַנישע שטאָט האָט אויסגעזען ווי פאַר׳אָבל׳ט נאָך דעם נאַרוואָס פאַרגאַנגענעם, העל־פאַר־ביקן קאַרנאַוואַל. אויף טעלעגראַף־דראָטן, אויף ברייט־צעוואַקסענע קאַש־טאַנען־ביימער, וואָס ציען זיך אַלייענווייז לענגאויס די שטאָטישע גאַסן, האָבן פאַרנעצטע סערפּענטין־סטענגעס זיך געהוידלט, געקנוילט און דוכט זיך אויסגעקלאָגט א פאַרבענקט לידל נאָך נעכט פון ליכט פאַרפלייצטע, פרייד פאַרשיכורנדיקע און לידער הייסבלוטיק אויסגעזונגענע.

ביים באַטרעטן די נייע ערד, האָט איציקן אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. אָט באַלד, האָט זיך אים אויסגעוויזן, וועט ער זיך צעוויינען ווי א פאַרבלאָנדזשעט קינד. ער האָט זיך אָבער תיכף באַהערשט, זיך זעלבסט געמוסרט: „פע, זעסט דאָך אוים ממש ווי א קינד מיט דיינע 19 יאָר. ניט שטענדיק האָסטו זיך דאָך געקענט טוליען צום גוטמוטיקן טאַטן אין יענעם דלותפולן בעסאַראַביער שטעטל. ביסט באַרעכטיקט אין דיין עלטער צו דענקען און האַנדלען זעלבסטשטענדיק. און איצט, אַנו ברודערל, שפּאַן זיך איין אין לעבנסוואָגן, און שלעפּ!"

מיטן רענצל אין האַנט האָט ער געשפּאַנט. אונטער וואַלענע בגדים, האָבן ריטשקעלעך שוויים אזויווי מאַסקיטן געביסן זיין לייב. באַלד האָט א מידקייט אים געצוונגען זיך אַוועקצוזעצן אונטער א געדיכטן בוים. טאַקע

— צו וואָס איילן זיך, און ווּהין גיין? קיינע קרובים און באַקאַנטע, קיין אַדרעס ניט. די צונג א שטומע ווי געליימט. און דאָ, אינמיטן דערינען, האָבן זיינע מידע אויגן זיך אָנגעהויבן קלעפּן. זיי וואָלטן מסתמא באַלד צו־געמאַכטע, אָנגעהויבן אויסחלומען זיסע חלומות, ווען ניט א טאָרקע פון עמעצנס א האַנט. פאַר אים איז געשטאַנען א מולאַט און מיט גוטמוט גע־שמייכלט. יעדער שמייכל זיינער, האָט געבליצט מיט געזונטע, מילכווייסע ציין. פאַר דער זיסער פריינטלעכקייט און טיפמענטשלעכער דערנענטערונג, איז איציק גרייט געווען דעם אַטלעטישן מוסקולדיקן, ברייט־ברוסטיקן מולאַט, ממש ארומצוכאַפּן און טוליען צו זיך. דער מולאַט האָט גערעדט צו אים אויף אן אומבאַקאַנטן לשון. לויט זיינע זשעסטן האָט איציק פאַרשטאַ־נען, אז דערדאָזיקער איז א טרעגער און שטייט גרייט אים צו באַדינען, פאַרפירן אין א נאָענטן האָטעל אריין. איציקס אויפריכטיקע בליקן און טענה'ן מיט די הענט, האָבן אים, ווייזט אויס, קלאָר געמאַכט זיין עלנט און אָרעמקייט דאָ. דער מולאַט האָט זיך לעבן אים אוועקגעזעצט. פאַררוי־כערט און אים מכבד געווען מיט א ציגאַר:

— רוססו? — האָט ער אים געפרעגט.

— סי, סי — איז געווען איציקס קורצער ענטפער.

דער מולאַט איז באַלד פאַרשווונדן געוואָרן, גלייך ווי דער גערעדיכט־פאַלנדיקער רעגן וואָלט אים איינגעשלונגען. פאַרביי א פאָר שעה און ער האָט זיך באַוויזן, באַגלייט פון א יונגנמאַן.

— א ייד? — האָט דער יונגערמאַן געפרעגט.

— יאָ.

— קומט!

אַלע דריי צוזאַמען, שווייגנדיקע, גלייך ווי שטומע, האָבן געשפּאַנט איבער פאַרוויינטע טראָטואַרן פון דער זשומענדיקער שטאָט. די פאַרנאַכ־טיק־טונקעלע שטאָט, האָט זיך צעווונקען מיט עלעקטרישע ליכט.

## קאַפּיטל ב

אינעם הילפס-פאַריין, האָט אַן אומגעלומפּערטער, לאַנגער זאַל, גע־שוויגן מיט שפּיטאָל־שטילקייט. טונקל. — ווענט קויטיקע, באַשריבענע, זיי־נען געווען באַדעקט דאָ און דאָרט מיט געלע און ווייסע פלעקן. אַ שימל־גערוך אויסגעמישט מיט ציגאַרנרויך, און מענטשנשווייס. צוויי שערענגעס בעטלעך ווי סאָלדאַטן אויסגעצויגענע, האָבן געוואַרט אויף עמיגראַנטן, וואָס וועלן מסתמא היינט-מאָרגן פון שיפן אויסגעשפּיגענע, אַהערצו מיט־ברענגען געזונטע גופים, וואָס שוויצן אונטער וואָלענער הלבשה. זיי וועלן קומען אויף דערדאָזיקער נייער ערד מיט פּנימער, פולבלוטיקע, באַקן צע־בליטע, וואָס וועלן פלאַמען אַזוי ווי איציקס באַקן אַצינד, צי פון היץ, צי פון סתם ארומדרייען זיך איבערן ליידיקן זאַל.

צוערשט איז איציק געזעסן און מיט שטילשוויגעניש אָפּגעענטפערט דער שפּיטאָל־שטילקייט פון זאַל, זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פון געדיכטע רעגנטראָפּנס אין פענצטער־שויבן, צום רעש פון מאַנגאַ און מאַמאָן-ביי־מער, וועמענס בלעטער פון ווינט געבויגן, האָבן אָפּגעטרייסלט פון זיך די רעגנטראָפּנס. אַזאַ רעגן שלעפערט, און ווער שמועסט נאָך איצט פאַר־נאַכט, ווען דער מידער גוף בעט רו. איציק האָט פאַרויכערט אַ ציגאַר, אַרויסגעבלאָזן רויך אין דער טוכלער לופט, און טאָקע אַ טראַכט געטאָן וועגן יענע צניעותדיקע, שלאַנקע פאַלמענביימער, וואָס האָבן צו אים, ערב זיין אָנקומען אַהער, אַזוי חנוודיק געשמייכלט; וועגן מולאַט וואָס האָט אים אויפגענומען מיט לאַכנדיקע אויגנווייסלען. באַלד האָט ער דערזען ווי אין צווייטן עק פון סאַלאָן, שפּאַנט אַרום הין און צוריק אַ יונגער־מאַן. אינמיטן זיין פאַרטראַכטקייט האָט יענער אַלעמאָל זיך אָפּגע־שטעלט, אַ בלאָז געטאָן מיט ציגאַרנרויך, און ווידער געשפּאַנט מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן.

איציק האָט זיך צו יענעם פאַמעלעך דערנענטערט. איידער וואָס ווען, האָט ער דערזען ווי ביי יענעם זילבערן זיך שוין האָר אויפן קאָפּ און מיט דריבנע קנייטשעלעך איז אויסגעאַקערט זיין שמאָלער שטערן.

— פיינשטיין — האָט אַ שטיל קול אויסגעפּאַנפּעט פון הינטער דער לאַנגער נאָז — אַ גרינער?

— יאָ. ערשט היינט אָנגעקומען. און איר?

— אַן אויסגעגרינטער שוין. געל ווי אַן אַסיען־בלעטל. דרייצן יאָר דאָ, ווייניק?

— דרייצן יאָר, — האָט איציק שטיל איבערגעחזרט.

— זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צו דער היגער יידישער פּרנסה, א פּאַר־שאָלטענע...

— ס'אַראַ פּרנסה?

— כאַ־כאַ־כאַ! קליענטעלע! איר האָט זיכער נאָך פון אַזעלכעס ניט געהערט, איר'ט געוואויר ווערן.

— מ'טאָר זיך ניט פאַרלירן חבר. מען דאַרף די לעבנס־מכשולים שטעלן דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד.

— דעם שטאַ־אַרקסטן ווידער־ר־שטאַנד! — האָט פיינשטיין בייזלעך נאָכגעקרימט — ביז מ'פאַלט א טויטער.

— און אייער איצטיקע פּרנסה?

— א פאָטאָגראַף. איך פאָרטרעטל אָפּ קליינע און גרויסע מענטשע־לעך, אבי זיי ווילן נאָר.

באַלד האָט פיינשטיין נאַכלעסיק אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן בעטל, וואָס האָט ווי א קראַנקער זיך צעקרעכצט. כהרף עין האָט זיין פאַרשפּיצ־טע לאַנגע נאָז זיך צעכראָפּעט. און שפּעטערצו אויך דער מידער איציק.

## קאַפּיטל ג

פאַר זים־דרעמלענדיקע אויגן, האָט מאַמע־נאַכט א פאָרהאַנג אויפגע־דעקט. אין א טאָל גלייך ווי אינגאַנצן צוגעדעקט מיט שניי, דרעמלט א דאָרף. אַזויווי קינדער דערשראָקענע טוליען זיך כאַטקעלעך איינס צום צווייטן. זייערע שייבעלעך מיט פראָסטיקע אוזאָרן באַפּוצט, קוקן אַזוי יתום'דיק עלנטע. שאַ־אַ... א הינטיש וואָיען שניידט דורך די פאַרפרוירענע

שטילקייט. פון קוימענדלעך טאַנצן אַרויס שלאַנקע רויך־וואָלקנס. זיגזאַ־גיש־בויגנדיקע קאָקעטירן זיי מיט ריינע לופט, מיט תכלת בלויע הימלען.

איציק דערקענט דאָס דאָרף. ס'איז דאָך דאָס זעלבע דאָרף ביי די דניעס־טער־ברעגן, ווו ער, אַלס לערער, האָט ערשט ניט לאַנג געלעבט און געליטן. פאַרבענקט קוקט דאָס דאָרף צו די רואיק רונצלענדיקע דניעסטער־וואַסערן, אין נעכט לבנה'פולע, חלומנדיק א טרוים פון איין פאַס ערד צו א צווייטן אויף יענער זייט אוקראַינישע ברעגעס. עס קרעכצן דאָ סיי פויער, סיי ייד אונטערן רומענישן קנוט. לייבער ביז צו בלוט פאַרשמיסענע, ווייטיקן אויס אין דער שטיל זייערע ווונדן. און פעטערס ווייסן צו דערציילן וועגן קינדער, בחורים קרעפטיקע, וועלכע האָבן העלדיש מיט האַרעפּאַשנע פעסטע הענט דעם רומענישן זשאַנדאַר זיך קעגנגעשטעלט, און אויסגעבונדענע, ווי סנאָ־פּעס געפאַלן, צעלעכערטע פון קוילנהאָגל. ס'בלוטיקט בעסאַראַביעס האַרץ. און איציק דער לערער, פּונקט ווי א באַרמהאַרציקע שוועסטער, באַנדאַ־זשירט ווונדן מיט טרייסטנדיקע ווערטער און האָפענונגען אַרויסגעלייענ־טע פון ציימונגען און בראָשורן.

און זע: א מיידל פּנים, ווי אַן אויפגייענדיקע זון שיינט אַרויס פון די דניעסטער־האָריזאָנטן. עס איז יוכבדל. אַ נאָמען וואָס האָט אַזוי זיס גע־צערטלט, געוואַרעמט זיין האַרץ און אין קורצע ווינטער־טעג און לאַנגע טבת־נעכט ווי א טיף־רירנדיק ליד אין אים געזונגען. זיין 17־יעריק האַרץ האָט ברייטער זיך צעוואַקסן און פאַרפלייצט געוואָרן פון א ים מיט פרייד. יוכבדל! — אַן אומשולדיק ווייס פּנימל, האָט אים באַזונט מיט גרויסע בלויע אויגן. פּופּצניעריקע בעקלעך האָבן יעדן טאָג וואָס מער געבליט, פונקט אַזוי רויטלען זיך צייטיקע עפּל אלול־צייט. א שוואַרץ־געלאָקט קעפּל האָט אומרו־איק, פלינק זיך געדרייט, שטענדיק עפּעס געזוכט, גענישטערט. די ערשטע טעג אַלס לערער, איז ער געווען גלייכגילטיק צו איר, אָפּטמאָל אַפילו איר גע־עצה'ט שפּילן און פאַרוויילן זיך. דערנסטמאָל האָבן די גרויסע בלויע אויגן גע־שמייכלט און גאָרניט זאָגנדיק אַזויפיל געשריען, אַזויפיל געפּאָדערט... נאָר אין א בין־השמשות, לעבן פּראָסטיק באַוואַלדעטן פענצטערל, האָט ער דער־פילט איר פּנימל זיך צוקלעפּן צו זיינעם. איר צעיאָגט אָטעמען, ס'קלאַפּנדי־קע האַרץ, האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אז צייטיק איז שוין ס'מיידעלע און וואַרט אויף אַן אָפּרוף פון א צווייטנס האַרץ. אָ, ווי וואַרעם זיינען געווען אירע קאַלינעס רויטע ליפּן, ווען זיי האָבן זיך צו זיין שטערן געטוליעט!

ריזיק אויסגעוואַקסן איז ער דעמאָלט און באַוואָפנט מיט ליבע, געוועזן גרייט אויסצושרייען: „העי, מענטשן! ברידער! איך ברענג מיט זיך א באַל־זאַם וואונדן צו היילן, ס'איז ליבע! זי באַפרייט, באַשאַפט אָדלער־פליגל צו העכסטע הימלשע הויכן זיך צו דערהויבן!"... און אין טעג זאַווערוכעדיקע, זיצנדיק מיט גוים אין כאַטקעלע אויף געל־זאַמדיקער ערד, האָט ער גע־חלומט, אזוי ווי שמשון הגיבור שטריק פעסטע צו צערייסן, מענטשלעכע רשעות צו פאַרטרייבן, אַזוי ווי עס פאַרטרייבט דער פרילינגס־ווינט, גע־דיכטע כמורעס פון הימלען. ליבער גאָט, פאַרוואָס איז עס ניט מקוים גע־וואָרן? . . .

יוכבדל איז פאַרשלאָפט געוואָרן אויף בויך־טיפוס. איר פנימל פון היץ אָנגעצונדן, דרייט זיך לאַנגווייליק אויפן קישן. אין דרויסן וואָיעט אַ זאַווע־רוכע. פון א בוים גראַגערט א סאָראָקע. אין שטוב שרעקט מיט טויט־שטילקייט. איציק לעבן איר צופוסנס, באַטאַפט אַלעמאָל אירע פיס. זיי זיי־נען אייז־קאַלט. ער דעקט זיי איין, וויקלט זיי ארום מיט א וואַטאָווער קאָלדרע. דערשראָקן פון איר שווער אָטעמען, הייבט ער זיך אלעמאָל אויף, בויגט אָן זיין פנים צו איר היים פנימל. אַ מילדער בלויער בליק ענטפערט אים אָפּ. אָ, ווען ס'איז מעגלעך, ווען ס'איז נאָר מעגלעך! — א האַלב לעבן זיינס, וואָלט ער איר אַוועקגעשאָנקען אלס א מתנה! די קראַנקהייט פרעסט זי אויף, מאָגערט אוים איר לעבנספול לייב. מ'האָט יוכבדלען אין שטאָטישן שפיטאָל אַוועקגעפירט. זי איז דאָרט געשטאָרבן. אוים! איבער־געריסן געוואָרן די צויבערפולע סימפאָניע מיט אירע מחיה'דיקע טענער, וואָס האָבן אזוי מאָמעדיק באַנג געגלעט זיין האַרץ. גאָט דערבאַרעמדיקער! ער האָט דאָך מיט פרילינג געחלומט ,און איצט איז אַזוי אָסיענדיק און אר־מעטיק געוואָרן אויף דער נשמה! און וואָס וועט ווייטער זיין? . . .

אָט איז זיין לעצטער טאָג אין דאָרף. אין יענעם פראָסטיקן שבת־טאָג איז ער ווי א הונגעריקער וואָלף איבערן דאָרף ארומגעלאָפן. וואָס איז אַזוינס געשען? וואָס פאַר אַ קראַפט האָט אים אָפגעשטעלט? פאַר זיינע אויגן, אין א צעריסענעם שינעל, אין פאָסטאָליעס צעריסענע, איז אומבאַוועגלעך, ווי א סטאַטוע, געשטאַנען א רומענישער פאַטרול. זיין ברוסט אַנטבלויזט פאַר פראָסטיקער קעלט, זיין פנים כמעט בלוי און פון נאָז האָט גערונען. נאָר אויגן, אָנגעטרערטע, האָבן הילף געבעטן. איציקן האָט ביים האַרץ פאַרקלעמט. אויף שנעל האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך

זיין פוטערן טוליפּל און אויף דעם סאָלדאַטס פּלייצעס ארויפגעצויגן, ארומ־געוויקלט מיט זיין וואָלענעם שאַרפּעלע יענעמס אַנטבלויזטן האַלדז און מיט וואַרעמען אָטעם באַהויכט יענעמס הענט, זיי געריבן מיט שניי. נאָר דאָ אומגעריכט האָט ער דערפילט א שטאַרקן קלאַפּ איבער זיינע קריזשעס, אַזש שאַרפע קרעמפּן האָבן אים אָנגעכאַפּט און צו דער ערד געבויגן. פאַר איציקס פאַרטונקלטע אויגן איז געשטאַנען א רומענישער קאָמענדאַנט, און א ציניש-צעשמייכלטער געשריען:

— „באָלשעוויק! מיינע סאָלדאַטן בונטעווען? הע?

אין איציקן האָט א דורשט נאָך נקמה, אויפגעברויזט. פלינק ווי א קאַץ איז ער אויפגעשפּרונגען. זיינע האַרטע הענט, אַזוי ווי העלצער, האָבן גע־ביילט דעם אָפיצירס אויגן, פּנים, ברוסט, געשלאָגן ביז חלשות. דוכט זיך, אַז דעמאָלט האָט ער פון א פּרעסנדיקן האָס זיך באַפרייט...

פאַרסאַפּעט, דערשראָקן לויפט איציק, שפּרינגט איבער נידעריקע דאָרפישע פּלויטן, צו די שמאָלע ליקלעך און געסלעך און פון דאָרט אין נאַ־קעטע ווייסע פעלדער אריין. ער לויפט אהיים, צו זיין שטעטל, צו זיין אַלטן פאָטער. ער וועט אים אַלץ, אַלץ דערציילן און אויך אָנזאָגן, אַז די צייט פון נע-ונד זיין האָט זיך אָנגעהויבן...

* *

*

איציק האָט זיך אויפגעכאַפּט פּיטש-נאַס פון שווייס. ער האָט אין איי־לעניש זיך אָנגעטאָן, פאַרשעמט ווייזט אוים פאַר דער פאַרנער זון, ווי א פאַרשפּעטיקטער דינער פאַר זיין באַלעבאָס. דער קלויסטער זייגער האָט שוין אויסגעהאַמערט די ניינטע מאָרגן-שעה. שטאָטישע גאַסן האָבן אויפ־געלעבט מיט פול געפּאַקטע באַנדעס, רעוועדיקע אויטאָס און אָמניבוסן, וואָס האָבן ווי פאַרהונגערטע געשלונגען גאַסן. אויף צעבלישטשעטע אַס־פאַלטירטע גאַסן האָבן אויבסטן-טרעגער זיך געאיילט מיט אָנגעפּיקעוועטע קוישן באַנאַנעס און לאַראַנזשן. קליינע, געשיקטע גאַזעטן-פאַרקויפער, זיי־נען פלינק ווי קעץ געשפּרונגען פון איין טראַמוויי אויפן צווייטן, מיט אוים־געצויגענע פאַרבענקטע קול'עכלעך אויסגעזונגען נעמען פון צייטונגען און לעצטע טאָג-ידיעות. פיינשטיינס פאָנפעוואַטע שטימע האָט אים גערופן:

— נו, זיך גוט אויסגעשלאָפן? קומט טרינקען קאַווע מיט מילך.

מ'האָט זיך צוגעכאַפּט צו די פרישע ברויטלעך, הונגעריקע זיי גע־שלונגען; מ'האָט זיך געבריט ביים גיכן זופּן די הייסע קאַווע מיט מילך, אַזש די אויגן האָבן זיך צעטרערט. פעסטע טריט האָבן מיטאַמאָל זיך אָהער־געטראָגן פון צווייטן צימער.

— דער פאָרזיצער פון הילפס־פאַריין און זיין סעקרעטאַר — האָט פיינשטיין ניט צופרידן ארויסגעוואָרטשעט.

א קליינוווּקסיקער, א פעט־לייביקער, מיט א ברייטן פליך ווי א ברייטע כטעזשקע צווישן געדיכטע באַגראָזטע פעלדער, ווייס געקליידעט — איז דער פאָרזיצער געזעסן ביים טיש, געווישט געדיכטע שווייס־טראָפּנס פון פּנים און פון האַלדז. א ווייכע קורצפינגערדיקע האַנט, האָט איציקן באַ־גריסט. זיין קול האָט מאָדנע קינדיש ארויסגעקוויטשעט פון קורצן באַ־שמאַלצטן האַלדז:

— דאָס זענט איר דער נייער גרינער?

דאָס וואָרט „גרינער" איז ווי צו יעדן ניי־אָנגעקומענעם אויסגעדריקט געוואָרן מיט ביטול. אזוי ווייזט אוים — האָט געטראַכט איציק — און ניט אַנדערש איז די באַנעמונג פון די אויפגעקומענע „אויסגעגעלטע" צו יעדן אָרעמען און עלנטן דאָ.

— יאָ — איז געווען איציקס ענטפער — דער „נייער גרינער".

— נו יאָ גרינער, שוין איינגענומען אַן אָפּפיר מיטל? ס'איז נויטיק... א בעל מלאכה?

— געווען א לערער.

— האָט איר דאָ באַקאַנטע?

— מעגלעך.

דער פאָרזיצער האָט באַ'ישוב'ט אויסגעשנייצט די נאָז, נאָכהער א פּאָר מינוט זיך געשושקעט מיטן פיין געפּוצטן סעקרעטאַר, וואָס האָט זיינע ווייס־מאַניקורטע נעגל אַלעמאָל געריבן אין זיין ליינענעם רעקל.

— נו פיינשטיין — האָט דער סעקרעטאַר גדלותדיק זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר יענעם — וויפל מענטשן שוין אָפּגעצימבלט היינט?

—דער טאָג הייבט זיך ערשט אָן.

— און קליענטעלע איינמאָל ניין?

— ניין.

— זע נאָר דעם איידעלן געפּיעסטעטן, קליענטעלע געפעלט אים ניט...

דערווייל האָט איציק דערפילט א טאָרע. ס'איז געווען דער עלעגאַנט־געפּוצטער ציניש שמייכלענדיקער סעקרעטאַר:

— איר טראַכט צופיל גרינער, דאָ דאַרף מען אַרבעטן און ניט חלומען.

— נאָר בהמות טראַכטן ניט, סעניאָר! — און איציק האָט אַן אויפגע־רעגטער פאַרלאָזט דעם הילפס־פּאַריין.

## קאַפּיטל ד

ווי פּאַר ווערמען: צו איינעם ווינקט און רופט די שטאָט, וועקט אויף באַוואונדערונג און לוסט צום לעבן. און ווער שמועסט נאָך ווען דער הימל איז אזוי טיף בלוי און אויגן קאָנען זיך זעטיקן מיט אייביקן בליען און צוויטן. אַזאַ איינער איז אפילו צופרידן מיט דער היים־טשמעליענדיקער זון, און מיט די רייצנדיקע בראַזיליאַנישע פרויען, אזוי ווי מאָדעלן פיין גע־קליידעטע, וואָס זוכן אין יעדן פאַרבייגייענדיקנס אויגן אויפצוּוועקן דורשט צו ליבע און געַנוס.

פאַר איציקן אָבער, א פרעמדן, אויף פרעמדער ערד, געפּייניקט פון הונגער, ווען די נאָז האָט דערשמעקט ביי פאַרבייגייענדיקע רעסטאָראַנען געשמאַקע ריחות פון מאכלים און דער שלונג האָט זיך געוואָרגן מיט סלינע, — איז עס קיין תענוג ניט געווען. ר'האָט זיך דערמאָנט אין זיין היים. בע־סאַראַביע! די זאַטע מאַמע־ערד, שפּע'דיקע שפּייזערין מיט פּאַפּושויעס, ווייצן און גוטע וויינען, זי לאָזט ניט הונגערן.

האָפּ!... גייענדיק אזוי פאַרטראַכט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין א פאַרבייגייענדיקער אַלטיטשקער. זי האָט א פּאָר בייזע אויגן צעעפנט, אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, און עפּעס בייז ארויסגעמורמלט. נאָר

פלוצים האָט די האַנט עפּעס דערטאַפּט אין קעשענע. ס׳איז געווען אַ ניקל־נער מילרייס. אין נאָענטסטן קאַפע הויז, נאָכן איבערכאַפּן אַ גלאָז מילך מיט ברויט, האָט איציק זיך דערשפּירט פעסטער. אַ ווילן צו אַרבעטן, האָט אויפגעבראַוזט אינעם יונגן געזונטן גוף, אין זיינע ברייטע פּלייצעס און פעסטע הענט. ער האָט געשפּאַנט. אָט איז דער האַפן. געווען איז דעמאָלט אָנהייב חודש. אין האַפן האָט ווי אין אַ בינשטאָק געזשומעט מיט פּריש־אָנגעקומענע פּאַסאַזשירן, מאַטראָזן און אַרבעטער. שיפן האָבן לאַנגזאַם, פּאַרזיכטיק, מיט זייערע שוואַרץ־געפאַרבטע פּלייצעס זיך דערנענטערט צום האַפן. אייניקע אַוועקגייענדיקע, האָבן מהיכא־תיתה׳דיק און מיט רעס־פּעקט זיך צוריקגערוקט און זיך געזעגנט מיט אַ פאַרבענקטן אָקסישן רעו־ווען. ס׳האָט געשמעקט מיט געזאַלצענע פיש, קאָנסערווירטע פליישן און נודנער אויל־פאַרב. אויף אַ לייטערל צו אַ שטריק צוגעבונדן איז געזעסן אַ האַלב נאַקעטער מאַטראָז, אין מויל אַ ליולקע, און מיט אַ באַרשט אין האַנט געפאַרבט אייניקע פלעצער פון זיין שיף און אַ לידל צוגעברומט.

— העי! — עמיצנס אַן אויסרוף האָט איציקן גערופן און מיט זשעסטן אויסגעפרעגט אויב ער זוכט אַרבעט. צופרידן האָט איציק געשאָקלט מיטן קאָפּ און איילנדיק, באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס באַשווייסיקטע רעקל. אין אַ גרויסער הילצערנער לאָדקע צו אַ שיף צוגעבונדן, מיט ערד־קוילן אָנגעפּולט, זיינען געשטאַנען ברייט־ברוסטנדיקע האַלב־נאַקעטע מו־לאַטן, איילנדיק מיט ריסקלען געגראָבן און אָנגעפילט גרויסע אייזערנע קעסלען מיט ערד־קוילן. אַנדערע האָבן אָנגעלאָדן אָנגעפּולטע קעסלען אויף זייערע ווי שאָפּענע געקרייזלטע קעפּ, געלאָפן קונציק איבער וואַק־לענדיקע ברעטער, וואָס האָבן געפירט צו דער שיף. און איציק צווישן זיי. דער ריסקל האָט אין זיינע הענט ניט גערוט. כאָטש די ווייסקייט פון זיין קערפּער איז שוין מיט קוילנשטויב באַסאַזשעט געווען, אַזוי ווי זיין פּנים און הענט, האָט ער דאָך באַמערקט דאָס שפּאַסיקע איבערווינקען זיך זייערס, מיט די גרויסע אויגנווייסלען, און דאָס לאַכן, פון צייט צו צייט, אויף זיין חשבון.

די אַרבעט האָט אונטער זיינע הענט געברענט. בליצשנעל האָבן קעס־לען זיך אָנגעפילט און מיט דערזעלבער שנעלקייט אַוועקגעטראָגן געוואָרן. באַלד זיינען אַלע געבליבן שטיין אין אַן אויסגעליידיקטער הילצערנער לאָדקע, וואָס האָט אויפן וואַסער לאַנגזאַם זיך געהוידלט.

די שקיעה האָט שוין דעמאָלט בלאָס געשמייכלט צו דער שטאָט. ביים האָפן איז שטילער געוואָרן. פונוויטנס האָט א שיף באַוועגט זיך צעברומט. אויף א שיף צום האָפן צוגעטוליעט, האָט א מאַטראָז מיט א מויל־האַרמאָשקע אויסגעהלומט א לידל. די טענער האָבן זיך איצט זייער גוט צוגעפּאַסט צום טראָפּישן זונפאַרגאַנג. אין ווייטע בלאַסע הימלראַנדן, האָבן איצקים אויגן זיך גע׳טובלט.

## קאַפּיטל ה

— איציק!

— יאָנטל!

זיין יוגנט־חבר. אין איין חדר געלערנט, אויף איין שול־באַנק געזעסן. די אינטימסטע ייִנגלשע סודות האָט מען דעמאָלט פאַרטרויט איינער דעם צווייטן. אַפילו שפּעטער צו אין וועלדל פאַרבאָרגן, פאַר קליין־שטעטלדיקע בעלי־מלאכה׳ס געפּרעדיקט יושר און מיט זיי געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע. איצט איז פאַר אים געשטאַנען א יונגערמאַן מיט א קיילעכדיקן לבנה־פּנים וואָס האָט געבלאָזן מיט זאַטקייט און צופרידנקייט. פאַרפּוצט אין א בלויען אנצוג, ווייס זיידן העמד, לאַקירטע שיך, און אויפן מיטלסטן פינגער האָט א בריליאַנטן־רינגל, געבליצט מיט רעגנבויגן קאָלירן.

— ווייסט איציק, כ׳האָב שוין חתונה געהאַט.

— כ׳ווינטש דיר גליק.

מיין פרוי איז א ייִדישע, א הי־געבוירענע, רעדט א שלעכטן ייִדיש און א פיינעם פּאָרטוגעזיש. קום מיט מיר. מירן גיין?

— יאָ, מיר וועלן גיין.

א רחבותדיקער מיט זון־אָנגעפּולטער אַפּאַרטאַמענט. פון נאָענטן שטאָט־גאָרטן האָט א ווינטעלע אַהער אריינגעבראַכט פאַרשיכורנדיקע ריחות פון זשאַסמין, און פרישע געקאָסעטע גראָזן. אין ליכטיקן אויפנאַמס־צימער, דורך אָפענע פענצטער, האָבן אין גרויסע וואַנט־שפּיגלען אריינגעקוקט שטיקער הימלען, מיט ווייסע כמאַרעס אינדזעלעך. לוקסוס־מעב־

לידט. אויף א ברייטן פליושענעם קילעם, האָט מעשה באַלעבאָסטע גע־שפרייזט א גראָע, געדיכט־האָריקע אַנגאָראַ קאַץ. אָט האָט זי א שפרונג געטאָן אויף דער ווייך־טאַפּעטירטער סאָפאַ און פון דאָרט אויף די אויפגע־דעקטע קלאַווישן פון פּיאַנאָ, וואָס האָבן אָפּגעענטפערט מיט פארשידענע ברוגזע קלאַנגען. צוויי פּאָרטרעטן, איינגעפאַסטע אין אָפּגעגילדעטע ראַ־מען. אויף איינעם לאַכט יאָנטל מיט א ברייט־צעעפנטן מויל. אויפן צווייטן פּאָרטרעט קאַפּריזעוועט א דין נעזל מיט קלוגע מייזנאייגעלעך. באַלד האָט זי יאָנטל אריינגעפירט.

— מאַדאַם בראָנשטיין — האָט א פאַרשלאָפענע שטימע זיך גע־פיעסטעט.

א שלאַנקע, גראַציעזע ברונעטין, אין א העל־בלויער סאַטינענער קי־מאָנע, אינמיטן געקנעפּלט; די פּעך שוואַרצע האָר א ביסל צעשויבערט, גרינע מייזנאייגעלעך האָבן קלוג געשמייכלט. זי האָט זיך געמוטשעט א פּאָר יידישע ווערטער ארויסצורעדן:

— איר א כאַוויר יאָנטלס? איך ניט קען יידיש . . .

— אָבער ווי איך זע מאַדאַם, רעדט איך דאָך יאָ יידיש...

— נו יאָ, א ביסל, אָבריגאַדאַ סעניאָר.

זי איז א ביסל מיד. די נאַכט האָבן זיי געהאַט א „פּעשטע", גע־שפּילט א קליין פּאָקערל.

ערשט איצט, הערנדיק די לעצטע פּאָר ווערטער, האָט איציק דער־פילט, ווי אַלע זיסע דערינערונגען וועגן יאָנטלען, זיינען מיטאַמאָל אָפּגע־שטאָרבן אין אים.

— שוין לאַנג דאָ איציק?

— א דריי וואָכן.

— שוין אויסגעגרינט זיך?

— ניין. כ'האָב געאַרבעט ביים פאָרט.

— ביים פּאָרט? — איז יאָנטל אויפגעשפּרונגען, ווי געשטאָכן פון א שפּילקע־נאָדל — אַזאַ אַרבעט איז פאַר אַ שוואַרצן.

— וואָס הייסט א שוואַרצער? פּאַר אַ מענטשן.

יאָנטל איז געוואָרן א ביסל אומגעדולדיק, זיין פּנים ערנסט:

— איציק, דאָ פּראַקטיצירט מען יושר ווען דער בייטל איז פול.

— און אויב פאַרקערט?

— איז מען א פאַרפאַלענער.

— דו אויך? — ס׳טוט אזוי וויי, יאָנטל, דאָס צו הערן פון דיין מויל!

איציק האָט דערפילט, אַז אייז־קאַלטן שווידער איבער זיין לייב.

### קאַפּיטל ו

קליינע הייזעלעך, ווי קינדער דערשראָקענע, טוליען זיך איינס צום צווייטן. זיי רויכערן שטענדיק אָן קוימענעס. איייניקע זיינען אויסגעלאַטעט פון דינינקע ברעטלעך. ביי אַנדערע זיינען בלאָטיקע ווענט אָפּגעליפּעט, שטענדיק פייכטע, אויפגעשוואָלענע. לאַנגע, ווייט זיך ציענדיקע געסלעך אין זומפּן פאַרטרונקענע, מיט שטיבעלעך קראַנקע וואָס קרעכצן שטענדיק און אויען. עס קאָן געשען, אז אין א ליאַדע מינוט וועלן זיי חלשות פאלן און צעקרישלען זיך אויף קליינע זעמדעלעך. בלייבן וועלן נאָר עטלעכע קאַסטנס, בענקלעך אינוואַלידן, און אין דער ברייט הענגענדיקע פון שטריק אויסגעפלאָכטענע „רעדעס". פאַר אָט די הייזלעך יאַריי־דעוועען הונדערטער האַלב־נאַקעטע און אינגאַנצן נאַקעטע קינדערלעך. מערסטנס בלייכע, אַנעמישע. זייערע אויסגעדייווערטע גופימלעך זיינען באַשאָטן מיט גרויסע קיילעכדיקע פלעקן. אַנדערע טוליען צו זייערע לי־פּעלעך בלעכענע שעלעכלעך, און זופּן פון זיי קאַווע. אַהערצו איילן אין קאַקענע און טונקעלע אַרבעטער קליידער, יידן פוילישע, בעסאַראַביער, ליטווישע. נאָך זיי טראָגן אויף פעסטע שאַרבנס, בראַזיליאַנער קאַרעגאַ־דאָרן אָנגעפּאַקטע קאַסטנס מיט סחורות, העל־פאַרביקע, רייצנדיקע. מען קריכט אין הייסע טיפע זאַמדן, מ׳פליעסקעט ביי טירלעך, אויסשרייענדיק אויפן הויכן קול, זייערע סחורות. אָט שטייט יאָנטל ביי אזא שמאָלינ־קער טיר, ווישט דעם שוויים פון שטערן, פון האַלדז און דעקלאַמירט אויס

ווי א תלמיד א גאַנצן סאָרטימענט סחורות. פאַר אים שטייט א ברייט צע־וואַקסענע, גרויסבוזעמדיקע מולאַטקע, איבערגעבויגן איבער א באַליע וועש. אין שטוב איז דושנע, רויכיק, פון דער היים־צעפּאַרעטער באַליע, שלאָגן ריחות פון קויטיקן וועש.

— נאָן סעניאָר, איך דאַרף ניט. איך קאָן איצט ניט קויפן. די פאַמי־ליע איז א גרויסע און מיין מאַן האָט מיך איבערגעלאָזן.

— באַטראַכט דאָס קאָרטל זיידנס דאָנאַ מאַריאַ, פראַנצויזישע סחו־רה, ביליקער ווי אומעטום. — יאַנטל צעעפנט די סחורה: די העל פאַרבי־קע רויטע בלומען אויפן זייד, לעבן אויף, ציען צו ס׳אויג פון דער בראַ־זיליאַנערין. זי הייבט אָן שמייכלען א באַזיגטע.

— איך וועל ניט קאָנען צאָלן וועכנטלעך.

— וועסטו צאָלן צווײמאָל אין חודש.

און יאַנטל פאַרשרייבט צופרידן אויף א נייעם טאַכעטל, איר נאָמען און אַדרעס.

— א זיסער קונד — דערציילט ער בסוד־סודות, איציקן — מ׳מעג איר א פאַרמעגן געטרויען...

די זון פון הימל שרפ׳עט. ווייט זיך־ציענדיקע הייזלעך שווייגן רויכערנ־דיק מיט בלעכענע קומענדלעך. דער רויך ציט זיך לאַנגזאַם און פויל, ווערט פון קיין מינדסט ווינטעלע באַרירט און צעבלאָזן. העט ווייט הייבן זיך פּאַלמענביימער, קוקן צום אומענדלעך צעשפּרייטן אַטלאַנטיק, צו בערג זיך קייטלענדיקע, בלוי פאַרנעפּלטע. אין טיפזאַמדיקן וועג שפּאַנט א גרוי אייזל מיט בלעכענע פּושקעס וואַסער באַלאָדן, נאָך אים א שוואַרץ יינגעלע מיט א שטעקעלע אין האַנט וואָס שלעפּט קוים זיינע פיסלעך. ער זינגט א לידל. קיינער דוכט זיך, אויסער דאָס אייזעלע מיט האַלב־צוגע־מאַכטע אויגן הערט אוים דאָס זינגען. אונטערן שאָטן פון אן אַלטן קאַש־טאַנענבוים, זיצט א געזונטער יידישער בחור, זיין פּנים פון זון צוגעסמאַ־ליעט, אויגן גרויע. ער בייסט מיט א ברייט צעעפנט מויל א סאַנדוויטש פון קעז. זיינע ביידע באַקן ווי געשוואָלענע. זיין מויל דרייט זיך פלינק. ער שלינגט גיך. הענט שיילן באַנאַנעס אין אײלעניש, גלייך ווי איינער

טרייבט אים אונטער, וואָס שנעלער די אַרבעט אָפּצוטאָן. אָט האָט זיך זיין בליק באַגעגנט מיט איציקס:

— א גרינער, סעניאָר?

— יאָ.

— שלום עליכם — א ברייטע דלאָניע קוועטשט איציקס האַנט — נו, ווי שמעקט אייך עפּעס ס׳לאַנד?

איציק שווייגט. ר׳ווייסט ניט באַלד וואָס צו ענטפערן דעם בחור, וועמענס צונג לויפט ארום אין מויל און זוכט צווישן די יאַסלעס און ציין, קרישקעס פון ברויט, פעניצלעך קעז און באַנאַנעס, דאָרט פאַרשטעקטע.

— א טייער לאַנד. זייט ניט אזוי דערשלאָגן און שרעקט זיך ניט. אירטצעך מיט דער צייט אויסגרינען. און אבי אירעט ארבעטן געטריי, זאָל זיין אַזאַ יאָר אויף מיר און אַז דער אויבערשטער וויל, אַזאַ יאָר אויף אונדז.

— א דאַנק פאר א גוטער עצה, סעניאָר.

— אינדערהיים בין איך געווען א קאָוואַל. אבער דאָ? דאָ איז מען גלאַך, יחוס אויפן כרת. און שאָקלענדיק צופרידן מיטן קאָפּ, גיט ער צו: — א געניידעם דאָס בראַזיל.

בשעת-מעשה שלעפּט ער ארויס פון טונקל אַלפּאַגענעם רעקל א פּאַק קאַרטאָנעס. מיט ליבשאַפט און ישוב-הדעת הייבט ער זיי אָן צו מישן, איבערלייגן, אויססאָרטירן. איצט האָט ער כהרף-עין פאַרגעסן אין איציקן. ער שפּרינגט אויף פלינק פון זיין קילן פּלאַץ:

— אַרבעטן, אַרבעטן ברודערל, מען דאַרף קאָברירן...

אינמיטן גאַס האָבן צוויי יידן זיך צעקריגט. צעפלאַמטע, ווי צוויי הענער פאַרמעסטן זיי זיך איינער קעגן אַנדערן. זייער בייז שרייען לעכערט דורך די פאַרשלאָפענע שטילקייט ארום:

— פּוילישע דריבקעס!

— באַסאַראַביער מאַמאַליגע!

— עך גיי צו אים, און בעט זיך: דער קונד איז א גוטער? און דער שאָקלט מיטן קעפּעלע אַז יאָ. — די פוי־וי־לי־שער!

— יאַך האָב דעך אין דער ערד, יאַך וויים נים.

— וויסן זאָלסטו שוין נים פונעם נאָמען. איצט האָב עך א טשוואָק!

— עלטער זעך מיט עם.

— פע — האָט יאַנטל זיך אריינגעמישט — פע... שעמט זיך פאַר דער גאַס. ווייניק מאַריעס, ווייניק מאַלפּעס פאַראַן?

— אַרט דעך מעך אָפּגענאַרט.

—אז מ׳האָקט האָלץ פאַלן שפּענער.

— יאָ, יאָ, עץ ווילט נאָר האָניק־לעקן. אַזאַ מאַמאַליגע...

— לעקן זאָלסטי שוין ווייסט שוין וואָס... די... די...

איציק ווישט זיין פּנים, זיינע אויגן, באַשטויבטע און באַשווייסטע. די טרוקענע היץ פאַרשווערט דאָס אָטעמען. דורשט טריקנט אויס אין מויל ס׳לעצטע ביסל פייכטקייט. עס ווילט זיך איצט אָנשפּאַרן אין אָט יענעם בוים־שטאַם, קוקן, קוקן אָן אויפהער אויף ווייטע נאַקעטע פעלדער, עלנ־טע, פאַרגעסענע, וואָס וואַרטן מעשה בתולות אויף אַקעראייזן, אויף לי־דער הארציק אויסגעזונגענע ביי ערד־אַרבעט. שפּאַנט אָבער יאַנטל שנעל ווי א געטריבן פערד מיט א געבויגענעם קאָפּ אין זאַמדיקן וועג. איציק נאָך אים. די קליענטעלע איז א גרויסע, און שטיבעלעך זיינען אַזויפיל פאַראַן.

---

— העי! העי! קומט נאָר אַהער — און א ווינק טוענדיק איינצייטיק אויף יאַנטלען שטיל צוגעגעבן — לאָזט אים אָפּ, פון אים וועט איר גאָר־נישט האָבן. א פּיאַווקע... ער רוימט דערביי איין א סוד איציקן: — סעניאָר, איר ווילט מאַכן אַמעריקע? זאָלט איר האַנדלען נאָר מיט אָט דעם אַרטיקל. איר זעט? הייליקע בילדער, סאַנטאָס, רופט מען זיי דאָ.

פאַר איציקן איז געשטאַנען א מאָגערער, קוועקזילבערדיק באַוועג־לעכער יונגערמאַן .זיין פּנים — בלייך ווי נאָך א תענית, נאָר זיינע אויגן,

מאַנדל-קאַליִרטע האָבן ניט גערוט. ווי קאַנאַריקלעך אין שטייגלעך זיינען זיי אומגעלאָפן הין און צוריק, ארויף און אראָפּ. אַפילו ווערטער וואָס זיין שנעל מאַלנדיק מיילעכל האָט ניט ארויסגערעדט, האָבן די קלוגע אויגן אויסגעפינטלט. אויף זאַמדיקער ערד איז געזעסן א מולאַט און געדרוי-בערט. ביי זיינע פיס — די „סאַנטאָס". זיינע גרויסע אויגן-ווייסלען האָבן געלאַכט זעענדיק זיין אומרואיקן „סעניאָר" זשעסטיקולירן און איינטענהן מיט א צווייטן „גרינגאָ" אויף אן אומפאַרשטענדלעכן לשון.

— איר זעט סעניאָר — האָט ער אָנגעהויבן איבערלייגן די בילדער — פרנסה געבן נאָר די הייליקע. וועלכע מאַריע וועט עס וואָגן אָפּצוזאָגן אַזעלכעס צו קויפן? און נאָך אַ סאַנטע הע? ס'קאָסט צוויי, מ'נעמט — צוואַנציק מיל. אָט דאָסדאָזיקע בילד פון דעם „ניעסטשאַסטנע יאָסל" — ווייזט ער אָן אויף א פורפור רויט-געקליידטן בלאָנדן יעזוס, מיט א ברע-נענדיק-בלוטנדיקן האַרץ — איז אייער מיט שמאַלץ. גייט אזויווי שמד-וואַסער. היינט די נאָסאַ סעניאָראַ, סאַנטאַ טערעזיניאַ, סאַן זשואַן, סאַן פּעדראָ! איר זעט דעם סאַן זשאָרזשע אויפן ווייסן פערד וואָס דערהרגעט מיט א שפּיז די הידרע שלאַנג? — דאָס איז סמעטענע. זיי ווערן פאַרקוילט נאָך אים. ער איז ביי זיי א בעל-מופת. מ'טוט „כישוף" דורך אים...

איציק קוקט מיט א שמייכל אויפן בלייכן יונגערמאַן, וואָס אין דער היים האָט ער מסתמא געהייסן מאָניסל און דאָ מאַוריסיאָ. דאָרט מסתמא געווען א פּיפּיק משרתל ביי א שניט-קרעמער וואָס קוקט ארויס פאַר-דאגהט אויף די זונטיקדיקע און דאָנערשטיקע ירידים און דאָ — א קליענטעלטשיק וואָס האַנדלט מיט „סאַנטאָס". דאָס אַלטע שטרויענע קאַ-פעלושל ווי א טעלערל פאַרדרייט, ס'פאַרשפּיצטע נעזל פאַרריסן צום הימל נישטערט הפנים א קליין ווינטעלע, כאָטש א רגע'לע אָפּצוקילן זיך. נאָך אים — דער קאַרעגאַדאָר, א באָרוועס-שפּאַנענדיקער אין פּריסיק הייסן זאַמד. זיין פאַרשוויצט פנים, גלאַנצט ווי אן אָפּגעפּוצטער שוך, זיינע ברייטע נאָזלעכער נאָכמער צעבלאָזן. פון צווישן די מילכווייסע ציין זופּט זיך דורך זינגענדיק, א הייסבלוטיקע סאַמבע. מאַוריסיאָ'ס הענטלעך פּליעסקען ביי א טירל. דאָס פּליעסקען אין דער ארומיקער שטילקייט, הילכט אָפּ ווי א קינדיש לאַכן:

— „דאָנאַ מאַריאַ! אוי ווי איז מיר שע-חוי-רע אַ-א-ני, דאָנאַ מאַריאַ, כאָ-אָ-טש איך בי-י-ן שוואַ-אַ-רץ מיט מיי-יי-נע מע-א-אַנשים!"...

די גוטע נאַיווע בראַזיליאַנערין! וויפל „גאַלעגאָס” האָבן שוין היינט איר אָנגעקלאַפּט דעם קאָפּ דאָ און גענודעט מיט א מיזערנעם וויינען אויף זייערע פנימער. זי לאָזט אים אריין. צו שוואַך אָפּצוזאָגן. היינט ווער שמו־עסט נאָך סאַנטאָס! דאָס מוז מען האָבן אין דער היים. אזוי פרעדיקט דער „פּאַדרע” אין קלויסטער, אזוי טענהט מאַוריסיאָ. זיינע אומרואיקע אויגן האָבן זיך פלוצים אָנגעפולט מיט צניעותדיקער גאָטספאָרכטיקייט. ער באַטראַכט די אויסגעהאַנגענע הייליקע אויף די ווענט און באַמערקט מכלומרשט א פאַרגאַפּטער: „דאָ־אָנאַ מאַריאַ! ס׳פעלט דאָך ביי דיר סאַנ־טאַ טערעזיניאַ, נו און סאַן פּעדראָ? ס׳האָט דאָנאַ מאַריאַ זיך פאַרטראַכט: אירע קינדער וואָס שפּילן זיך דאָרט אין דרויסן זיינען לעצטנס פאַרגרינט, אָנגעפולט מיט ווערים. ביי איינעם האָט זיך באַוויזן אַן אויסשיט אויפן לייב, מ׳דאַרף קויפן „רעמעדיעס” פאַר זיי. האָט אָבער מאַוריסיאָ אוועק־געשטעלט אויפן טיש די צוויי הייליקע און רעדט מיט א פּאָר צענומענע הענט:

— צוויי אוצרות דאָנאַ מאַריאַ! נאָר א מיל א וואָך אויסצוצאָלן.

זי לאַכט א גליקלעכע. זי איז מסכים:

— סעניאָר מאַוריסיאָ, פונוואַנען ביסטו?

— א רוססאָ

— איז פאַראַן ביי אייך אזויפיל קלויסטערס און קאַטוילישע גלחים ווי ביי אונדז?

מאַוריסיאָ לאַכט:

— אוודאי. אַלעמאַי, איז ער אויך א קאַטאָליק.

— און דיינע עלטערן?

— מיינע עלטערן? פסססס... זיי דאַווענען אַלע טאָג. — דאָ צעזינגט ער זיך מיט א דין קול׳כל, חזניש מתיקות׳דיק: — לגולה עמו־ו־קות באַ־אַ־אַ, באַ־אַ־אַ, באַ־דין.

— וואָס זינגסטו סעניאָר מאַוריסיאָ?

— אזוי דאַווענט מען ביי אונדז.

— ווי שיין!

איציקס אויגן זיינען ממש אָנגעפולט מיט טרערן, א געלעכטער וויל זיך ארויסרייסן פון זיין מויל. מאוריסיאָלע האָט עם מיט א מבינותדיקן בליק באַלד איבערגעלייענט אויף איציקס פנים. ער פארבייסט מיט זיינע ליפּן גלייך ווי דערפילנדיק א טיפן ווייטיק:

— יהודי, מאַך צו די אויגן און זאָג אָמן — בעט זיך מאוריסיאָ ביי איציקן. ער איילט זיך צו דער טיר: — אַטע לאַגאָ, טעלאָגאָ, ביז זונטיק.

מען גייט ווייטער. די נאַכט איז נאָך ווייט. פונווייטנס לעבן זיין זים דרעמלענדיקן קלויסטער שטייט א גלחל. זיין פּנים יראַ־שמימדיק, זיינע אויגן טובלען זיך אין צניעות. מיט הענט באַהאַלטענע אין ברייטע פּעלע־רינע אַרבל, וואַרט ער אויף א פּאַרבייגייער, וואָס זאָל דרך־ארצדיק צוקו־מען צו אים, זיך נויגן, א קוש טאָן זיין „הייליקע" האַנט און בעטן א ברכה. איצט באַטראַכט ער ערנסט דעם מאַגערן מאוריסיאָן, זיין יידישע נאָז איז אים באַקאַנט. ס'איז דאָך א זון פון יענעם איינגעעקשנטן און פּאַר־שאַלטענעם פאָלק, וואָס האָט יאָרהונדערטער מיט התלהבות און „ווילדן" פאַנאַטיזם זיך געוואָרפן אין אויטאָדאַפע פייערן.

— זשודעאָ? — פרעגט ער אים.

און מאוריסיאָ נאָך בלאַסער, הכנעה'דיק מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ענטפערט:

— יאָ...

— מיט וואָס זשע האַנדלסטו?

— מיט סאַנטאָס, פּאַטערל.

— מיט סאַ־אַנ־טאָס?

דאָס גלחל האָט זיך פאַרטראַכט. א טרייסט וואַרעמט זיין האַרץ. מיט דאַנקבאַרע אויגן באַגלייט ער דעם אַוועקגייענדן זשודעאָ, וואָס איז אַהער געקומען דערוואַרעמען זיינע „שעפעלעך" מיט סאַנטאָס און איינפּלאַנצן אין זייערע נאַאיווע הערצער נאָך מער גלויבן צום נאָסאָ סעניאָר, און צו דער רוימיש קאַטוילישער קירכע.

## קאַפּיטל ז

אין טראָפּישע פאַרנאַכטן, רעדלען זיך פאַרן קאַפע-הויז יידישע בחו־רים. יידיש לשון קלינגט דאָ ווי אין דער אַלטער היים. מ׳שטיפט, מ׳לאַכט, מ׳באַוווּנדערט יעדע פאַרבייגייענדיקע חנוודיקע בראַזיליאַנערין:

— מיט אַזעלכער־אָ קאָן מען אָפּלעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר, ניט התונה האָבנדיק.

— און וואָס אַ שטייגער פעלט אָט יענער טונקעלער? אַ געשמאַק קאָרנברייטל מיט פּוטער.

— אַ לעבן אויף איר.

אין רויכפולן קאַפע-הויז זינגט אויס בעל־כרחה׳דיק עלנט אַ וויקט־ראָלאַ, יידישע פאָלקסלידער, חזנישע ניגונים און ביליקע קופּלעטן. אַ יאַ־ריד פון מענטשלעכע קולות ביי קיילעכדיקע טישלעך; ס׳קלינגען לעפע־לעך אין קאַווע שעלעכלעך. בהרחבה׳דיק זיצט ביי אַ טישל אַן אויסגע־פּוצטער בחור, וועמען בראַזיל האָט באַגליקט. ער רעדט אויף אַ באַסאַ־ווער שטימע, נגידיש, געלאַסן פאַר עטלעכע פריש־אָנגעקומענע גרינע. זיי שלינגען יעדעס וואָרט ווי אַ גוטן ביסן:

— בראַזיל, סעניאָרעס, שטייט אויף דריי זאַכן: אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט. אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, אָפּגעבאָדן זיך, אָפּגעגעסן, גייט מען גלייך אויפן „לוגאַר" צו קלאַפּן... און גיין אַזוי ווי אַ באַן, אַ באַ־אַן. דער עיקר ניט אין זינען האָבן ביכער, נאַרישקייטן און קורוועס — קאָן מען ווערן אַ מענטש, סי סעניאָרעס...

דאָ מאַכט ער אַ פּויזע, זופּט פון קאַווע-שעלעכל און הייבט אָן ווייטער: — „איי ברידערלעך האָב איך געבידעוועט! אַ פלאַץ ווו צו אַרבעטן די ערשטע צייט ניט געהאַט. אַ פלאַץ צום שלאָפן? אַ שטיינערנע באַנק. און מיט באַנאַנעס אין קעשענע האָט מען זיך געפּילנעוועט, אַזש אין בויך האָט געבורטשעט".

אין די ניי-געקומענע צעפלאַמט זיך דער באַגער צו קלאַפּן קליענטע־לע. יעדער חלומט: ע־עך, און אַז די קאָנטעס וועלן זיין אין קעשענע. און

אַז... א בילד וועט מען אהיימשיקן, אָט אַזוי, ווים געקליידעט, מיט „סיג־נעטן" אויף די פינגער... אָדער א לוסטרייזע וועט מען מאַכן. מ׳וועט זיך אַזוי א שפּאַציר טאָן איבער די קבצנישע קליינשטעטלדיקע גאַסן, מייד־לעך ביי די פענצטער און אויף די גאַניקעס וועלן זיך אויסשטעלן, שושקען צווישן זיך: „אָט גייט ער, א מיליאָנער"... און ס׳וועט יעדעם מיידל רויט־לענדיק זיך, צו אים א שמייכל ווייזן. אַזאַ־אָ שמייכעלע וואָס, וואָס... ווייל אַנדערש קאָן דאָך ניט זיין. מסתמא אהערגעקומען חתונה האָבן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון א צווייטן טישל הילכן בחורישע געלעכטערס. ווי חסידים אַרום א רבין זיצן זיי און הערן „שפּראַך" פון א דיקן, באַגוידערטן יונגערמאַן. מען רופט אים דער באַהעם. ער זופּט פּאַמעלעך א ביר־שאָפּ און פאַררויכערט א שאַרוט. איצט זידלט ער איינעם אַן „אויפגעקומענעם" אין אַרבעטער־קליידער מיט א פּאַק טאַכעטלעך אין האַנט, ביי וועמען ס׳שפּאַרן אַרויס אַנגעשוואָלענע קעשענעס מיט ניקל.

— וואָס פאַר א הנאה האָסטו פון דיינע 100 קאָנטעס? דו גייסט דאָך שוין ווי א ניט געקאָוועט פערד! אז עסן, עסט עם ניט, פאַרדאַרבט דעם מאָגן צוליב קאָנטעס מאַכן".

— און וואָס ביסטו? — אַ וואַגאַבונד, אַן אָנזעצער, א צוואָק!

— רעד זיך ניט איבער דו פּעשטע! איך זע ווי דו סלינעסט אַזש, אַזוי וואָלסטו וועלן טרינקען א שאָפּ. אָבער ערשטנס טאָרסטו ניט, ביסט פול מיט גאָנאָקאָקעלעך, און צווייטנס... ס׳קאָסט געלט. האַ, געטראָפן? איך האָב שוין געהאַט געלט, אָנו, וועוויקעס — ווענדעט ער זיך צו אַלע לאַכנדיקע אַרום אים — טרעפט, וויפל א שטייגער האָט אַזאַ פייגעלע ווי איך פאַרמאָגט?

— פּופּציק שטיקלעך!

— מער.

— הונדערט!

— נאָך מער. יאַקאָש האָב איך די פּויטיקע געפּטרט, א ביסל ביי קרעמער אויף עסקאַ, א ביסל אין קליענטעלע, און דאָס איבעריקע אין...

קאַבאַקלעס. איז כאָטש געבליבן א זאַטער מאָגן, א סך „טערנעס”, זיידע־נע העמדער און גאַטיעס „אַ וואַנטאדע”. אָבער דו אז וועסט בלייבן בלאָ, מוזסטו זיך סמען... — ער זופּט ווידער זיין ביר־שאָפּ, ווישט פון די ליפּן דעם ביר־שוים — סי סעניאָר דו פאַלסט שוין ארויס פון די תחתונים... צי איין דעם גאַרטל, צי אים איין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון א ווינקל דערהערט זיך א קריגעריי. יעדער איינער טענהט און וויל איבערשרייען מיט זיין גערעכטיקייט דעם צווייטן: א באַלעבאָס מיט א ווענדעדאָר. דער באַלעבאָס, מעשה תקיף, מיט א פּאָר בייזע אויגן, מעסט אָפּ פון אויבן ביז אַראָפּ מיט ביטול דעם גרינעם, מיינענדיק דער־מיט אויף אים א שרעק אָנצווואַרפן:

— ביסט א שווינדלער.

יענער מיט אַ פּנים פון ניט דערעסן און דערשלאָפן, קלאַפּט זיך אין דער ברוסט:

— איך? א שווינדלער?

— סי סעניאָר, האָסט מיך גורם־היזק געווען אין א פּאָר קאָנטעס, גע־מאַכט טשוועקעס. ווי אזוי קומט דיר נאָך ארויס? האָסטעך אינזינען גע־האַט ביבליאָטעקן, ביכער, שטענדיק מיט דער צייטונג אין דער האַנט. א פּאָליטיקער. אַזאַ גרינער תחת! ווער ס׳קומט קיין בראַזיל לייענען בי־כער איז א פאַרפאַלענער, פאַרשטייסט?

פאַמעלעך הייבן אָן זייטיקע זיך צו דערנענטערן. בענקלעך רוקן זיך צו יענעם טישל.

— הערט אוים ליבע מענטשן — טענהט דער וועדנעדאָר — כ׳שווער ביי גאָט, אז כ׳האָב געאַרבעט געטריי און ערלעך, און איצט...

— איצט וואָס? גרינע חיה, האָסט אויפגעפרעסן דיין פאַרדינסט. טשוועקעס געמאַכט.

—א ליגן. פאַר טשוועקעס האָב איך זיך געהיט.

— איר נייע גרינע, קומט נאָר אויסנוצן, באָלשעוויקעס זענט איר!

— סעניאָר — רופט זיך אָן א זייטיקער — דערמאָן זיך אַז דו ביסט אויך געווען א גרינער. טאָמער האָסטו אצינד די פּאָר טאָלער דאַרפסטו אזוי פירקען מיט די פיס ווי א נאַרעוויסטנע פערד?

— באַצאָל! — מישט זיך אריין הענדום־פענדומדיק דער באָהעם — באַצאָל דו קאַנאַליאַ! ס'א ליגן, דער גרינער איז ניט קיין „לאַטכען" און טאָמער לייענט ער א ביכל איז עס דערפאַר, ווייל ער קען, דו קענסט דאָך ניט!

און יענער האָט באַלד צעבלאָזן די נאָזלעכער, זיין פּנים רויט ווי קאָ־מאַטש, זיינע גרויע אויגן האָבן זיך ווי איבערגעדרייט. באַלד האָט זיך אויסגעוויזן ווען א געשלעג אויסברעכן צווישן אים און דעם באָהעם, און פּושקעס צוקער פון טישל, גלעזער און שעלעכלעך וועלן פליען אין דער לופטן.

— וואָס בלאָזטו זיך אזוי ווי אַן אינדיק? — שרייט ווייטער דער באָ־העם — זיי ניט קיין פריער. ס'קאָן נאָך אָנקומען א שלעכטער טאָג, בלייבסטו נקי, גלייך מיט מיר בלאָ.

— ווערסט עס ניט דערלעבן, דו וואַגאַבונד!

רעד זיך ניט איבער דו מיזעראַבעל! האָסט פאַרגעסן ווען מ'האָט דיך אָהער אריינגענומען, אָנגעפּאַיעט, אָנגעפרעסן? איצט רעדסטו „דאַטש". קוק עס אָן!

— אוי, אוי, ווּ זיינען מיי־יי־נע זי־יבן גוטע יאָ־אַר — אַן אויסגעצויגן זינגען פון א פריילעכן אָרעמאַן, א בחור וואָס בלאָנדזשעט דאָ אין בראַזיל ארום שוין כמה וכמה יאָרן און אָפּגעשפּאָרט געהויקערטע פּלייצעס און גרויע האָר — ווען ניט זיבן זאָל כאָטש זיין א פּאָ־אָר — און נאָכאַמאָל — א פּאָר... איי, וואָלט איך זיי באַדאַרפט... ער וואָס איז די גאַנצע צייט גע־זעסן און זיך צוגעהערט די גערעכטע, פאַרכליפּעטע טענות פון ווענדע־דאָר האָט געלאָזן צוגערופן דעם גרינעם צו זיך:

— יונגערמאַן, איר ווייסט ווער ס'איז גערעכט?

— ווער?

— דער באַלעבאָס. פּשוט דערפּאַר, ווייל ביי אים בורטשעט ניט אין בויך. אוודאי, פון קיין קייזערלעכע פאַמיליע שטאַמט ער ניט, קיין בן־יחיד אויכעט ניט געווען, ניט געקליידעט זיך אין זיידענע העמדער מיט גאָלדענע זאַפּאָנקעס, און נאָר — זינגט ער אוים ווי א חדר־יינגל ביים רשי לערנען — א קויטיק העמד, מיט א ברודיקן קאָלנער וואָס האָט אים געביסן פונעם מולד ביז סוף חודש. די צרה דערפון איז וואָס ר׳האָט פאַרגעסן אין קויטיקן קאָ־אָל־נער.

— שאַ, דו מאַלאַנדרע! דו קענסט מיך פון דער היים? דו לייזי...

— ברענג ניט ארוים דעם שם־המפורש. ביסט גערעכט, ביסט גע־רעכט. פערצן יאָר האָב איך אָפּגעאַרבעט ביי די לבנס, און אַפילו קיין לאהן ניט אָפּגעשפּאָרט. שטענדיק זיינען זיי ארוים די גערעכטע.

מיטאַמאָל ווערט שטיל. ביי די לעצטע ווערטער ווערן אַלע ערנס־טער. גלייך ווי אַלע קריגן מיטלייד צו דעם אַלטן בחור, וואָס באַהאַלט זיינע דאגות הינטער שפּאַסן און שטענדיקן ווייצלען זיך...

— ערשט היינט קינדערלעך, האָב איך געקויפט א לאָטעריי־צעטל, אויף הונדערט קאָנטאָס.

— נו, נו?

— כ׳וואָלט זיי אַוודאי באַדאַרפט, פעלן דאָרט די אותיות.

— טאַקע, ווען דו ציסט ארוים די פּויטיקע?

— וואָלט איך אהיימגעפאָרן.

— און חתונה געהאַט?!

צעשמייכלט ער זיך גאַליק ביטער. זיין האַנט הייבט אָן צו באַטאַפּן די באַוואַקסענע באקן ,די קנייטשעלעך אויפן שטערן:

— אָ כאָ־האָ! ס׳וועט זיך נאָך געפינען א בעלן אויף מיר?

## קאַפּיטל ח

א האַרציקער ייד איז געווען וואָלף, איציקס באַלעבאָס און שותף. קרוב צו די זיבעציק, האָט מען זייער ווייניק גרויע הערעלעך געקאָנט אָפּציילן אויף זיין קאָפּ, כאָטש דאָ און דאָרט האָבן זיי אָנגעהויבן זיך שיטערן מיט אַן אָנזאָג אויף א פּליך. אויף זיין פּנים האָט א געזונטע רויטקייט זיך געהנדלט. פאַר יעדן איינעם פלעגט ער זיך באַרימען מיט זיינע געדיכטע צוזאַמענגעוואַקסענע, ווי פּערלמוטערנע צעבלישטשעטע ציין: א דאָקטאָרס האַנט האָט זיי נאָכנישט אָנגערירט. א קינדישע נשמה. ווי נאָר א רעדל מיט יונגעלייט, איז ער ווי אויסגעוואַקסן אינדערמיטן, און מאָדנע אויפגעלעבט, ווי מיטאַמאָל יינגער געוואָרן. אין קאַפּע־הויז איז זיין פּלאַץ געווען שטענדיק לעבן באָהעם, וואָס טרינקט נאָר ביר־שאָפּן און ווערטלט זיך גוטמוטיק אדורך מיט יעדן איינציקן. אויך וואָלפן האָט ער ניט געשאָנעוועט. גערופן האָט ער אים וועוועשיק.

— אַי וועוועטשיקל, וועוועטשיקל, ווער איז די אלמנה וואָס דו האָסט געשמייכלט צו איר היינט?

וואָלף שמייכלט. ר'איז צופרידן מיט יענעמס ניט אירצן אים און באַהאַנדלען ווי זיינס גלייכן:

— זאָלסט שוין רעדן אוים היץ...

— זאָג מיר וועוועטשיקל, ס'איז דאָך ביי דיר שוין נאָך נעילה...

אלע לאַכן. וואָלף גלייך ווי ניט אים מיינט מען, ענטפערט שפּאַסיק:

— כ'האָב דיך אין דער ערד...

יעדער ווייסט, אז סעניאָר וואָלף זאָגט די פּאָר ווערטער אויף קאַ־טאָוועס.

אין אַן אויפדערנאַכט האָט וואָלף ווי אַן אַלטער באַקאַנטער א רוף געטאָן איציקן, וואָס איז ווי שטענדיק געזעסן אָן א זייט און געשוויגן:

— ווי אזוי הייסטו?

— איציק.

— קום מיט מיר.

סעניאָר וואָלף האָט אים אריינגעפירט אין אַן אַלטמאָדיש־מעבלירטן הויז, זויבער־ריין, א ווו אין מנוחה׳דיקער שטילקייט ס׳האָבן זיך נאָך אריינגעגאָסן אויסגעגאָרגלטע טענער פון א פּאָפּוגיי. ער האָט אַלעמאָל עפּעס בייז געוואָרטשעט פול מיט תרעומות, אָדער אויסגעגאָרגלט א לי־דעלע וואָס די אַלטע דינסט אין קיך האָט אים אויסגעלערנט. אינמיטן עס־צימער אויף א ווייס באדעקטן טיש האָט געוואַרט א בלויער פּאָרצעליי־ענער טעלער אָנגעפּילט מיט צייטיקע באַנאַנעס און לאַראַנזשן. וואָלף האָט צוגערוקט נעענטער צו איציקן דעם טעלער:

— האַק אַריין ברודערל, האַק אריין, אַן צערעמאָניעס. און פּאַררוי־בערנדיק, האָט ער, אַן ערנסטער, פאַרגעזעצט: כ׳וועל דיר באַמערקן איציקל, אז מיט א סך מענטשן באַגעגן איך זיך, אָבער זייער ווייניק קו־מען אַהער. כ׳בין איבערקלייבעריש, אזוי ווי דו, וואָס האָסט באלד יענע צוגעפוילטע באַנאַנע אַוועקגעשאַרט.

— נו, און דעריבער?

— דעריבער האָב איך דיך אַהערגעבראַכט. ביסט עפּעס אַנדערשדי־קער ווי יענע דאָרט...

— צוליב וואָס, א שטייגער?

— וועסט מיט מיר אַרבעטן. גלייכע שותפים וועלן מיר זיין.

און אין די זויבער ריינע צימערן, ווו שטילקייט האָט ביז־איצט באַלע־באָסטעמעסיק ארומגעשפּאַצירט, זיינען ווי א פרילינג־ווינטעלע אריינגע־דרונגען יונגע בהורישע טרוימען, געזונט לאַכן, אויכעט זיפצן. ס׳זיינען אויפגעפּראַלט געוואָרן די פענצטער און ס׳איז ארויסגעטריבן געוואָרן דער עלנט. אויף אָט דער, מיט לעדער באַצירטער סאָפע, האָט מסתמא יאָרן נאָכאַנאַנד, ווי איציק איצט, עמעץ ליב געהאַט אויסצוציען זיך און רוען. זאָל עס ניט זיין אפשר דאָס דאַזיקע בלאָנדע יינגעלע וואָס שמייכלט פון בילד אויף דער וואַנט, מיט בלויע לעבנספולע אייגעלעך? כאָטש ווען קינדער האָט וואָלף קיינמאָל ניט דערמאָנט. זייענדיק פון די ערשטע גע־קומענע יידן אַהער, האָט ער אָפט געגעבן אָנצוהערן איציקן:

— העי, איציקל, כ׳האָב אַזויפיל וואָס צו דערציילן... אַזויפיל...

— דערציילט־זשע סעניאָר וואָלף, ס׳איז יעדנס לעבנסגעשיכטע אינ־טערעסאַנט און אויך די געשיכטע פון אַ נייעם ישוב.

אָבער וואָלף האָט ניט דערציילט. אין די אינדערפריען האָט איציקן ס׳ערשטע געוועקט דער פּאַפּוגיי מיט אַ קינדיש האַלדז־שטימעלע: איזאַק, איזאַ־אַק קאַ־פע!. דערנאָך האָט די אַלטע מולאַטין וואָס שווייגט אויס אירע טעג אין קיך אים אויפגענומען מיט אַ פיין געגרייטן טיש, מיט שע־לעכלעך קעז און פּוטער, פרישע לויז־געקאָכטע אייער, ווייסע זעמל און קאַווע מיט מילך. וואָלף האָט שטענדיק מיט הנאה באַטראַכט איציקס עסן און פּאַטעריש אים גע׳עצהט:

— יאָג ניט אַזוי, עס פּאַוואָליטשקע. די מאַלפּעס וועלן ניט אַנטלויפן.

— סעניאָר וואָלף, איך פאַריאָג זיי נישט.

— ווייל ביסט גוט צו זיי, האָבן זיי דיך ליב.

— ס׳איז מיר שווער אַנדערש צו זיין.

— ביסט נאָך יונג ברודערל. איי ווען איך פאַרמאָג איצט דיינע יונגע יאָרן...

— איר זייט נאָך יונג.

— ניין, כ׳בין שוין אַלט. כ׳האָב אַזויפיל וואָס צו דערציילן...

און דאָך האָט וואָלף קיינמאָל ניט דערציילט: ניט וועגן דער שוואַרץ־געקליידטער פרוי אויפן בילד, אין אַן אָפּגעגילדעטער רעמל איינגעפּאַסט; ניט וועגן בלאָנדן ייִנגעלע מיט בלויע אייגעלעך. נאָר איינמאָל אין אַ נאָכ־מיטיק איז וואָלף אַריינגעפאַלן אין הויז אָן אַ טראָפּן פאַרב אין זיין פּנים און מיד פאַרדעכעט, זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם ווייך־אויסגעבעטן שטול. ער האָט מיט אַ פינגער צוגערופן איציקן:

— זונעניו, נעם צוויי הונדערטער און גיב יענעם־אָ יונגערמאַן, וואָס שטייט דאָרט אויף דער פּראַסע.

אויף דער חנוודיקער באַבלומטער פּראַסע, צווישן אונטערגעשווירע־נע יונגע ביימעלעך איז געשטאַנען א יונגערמאַן. הויט אוןביינער, ס׳פּנים פאַרוואַקסן — האָט פון אים געבלאָזן מיט טובערקולאָז געלקייט. צווישן זיינע ליפּן־עקן האָט, הענגענדיק, געטשאַדעט א ביליקער שאַרוט. א פּאָר קראַליק רויטע אויגן האָבן דערביי אָן אויפהער געפינטלט. ר׳האָט געשלו־קערצט און יעדער שלוקערץ האָט פון זיין מויל ארויסגעווינטלט אן איבל־דיקן אלקאָהאָל ריח. איציק האָט אים ס׳געלט דערלאַנגט.

— ארבעטסט ביי מיין טאַטן? א גוטער מענטש מיין טאַטע! זויער־קנייטשנדיק מיט דער נאָז און שאָקלענדיק מיט באַדויערן זיין קאָפּ, האָט ער זיך צעכליפּעט: — א גאָלדן האַרץ, כ׳האָב אים ליב. כ׳שעם זיך אים צו קוקן אין די אויגן. כ׳האָב זיך פארבלאָנדזשעט, ווייבער... קאָרטן... שיכורן. איצט בין איך קראַנק. קיין האַרץ ניט, קיין לונגען ניט... מיט וואָס וועל איך צו אים קומען, וואָס קאָן איך אים ברענגען? האַ? — ווי דערמאָנענדיק זיך אין א פּאָר גליקלעכע מאָמענטן, האָבן זיינע טרערנ־פולע קראָליק רויטע אויגן אויפגעשיינט. — שוין א פּאָר יאָר פארביי, איך האָב זיך דעמאָלט צוריקגעקערט א היים. מיין טאַטע האָט מיך גאָרנישט אויסגעפרעגט, נישט געמוסרט. מיך באַלד געפירט צו דאָקטוירים, גע־היילט, אויסגעפּוצט, געלט אין קעשענע געגעבן. א ריין צימער, א ריין בעט. ווילסטו ארבעטן איז גוט, ווילסטו ניט, איז ער אויך ניט ברוגז. האָט מיך אָבער אין א נאַכט א דיבוק באַהערשט, כ׳האָב אויסגעליידיקט אַלע שופלעדלעך, זיינע קעשענעס און אוועק. דערצייל אים גאָרנישט, איך בעט דיך.

— איך וועל ניט דערציילן.

—האָב ניט קיין מיטלייד צו מיר, כ׳האָב עס ערלעך פארדינט.

שווער אָטעמענדיק, אויסגעמאַטערט, מיט וואַקלענדיקע פיס, האָט ער זיך געטוליעט צו א שטיינערנע באַנק. דאָס שלוקערצן וואָס איז בעתן רעדן ווי פאַרשוווּנדן, האָט זיך באַלד צוריקגעקערט. יעדער שלוקערץ האָט אים אויפגעטרייסלט. זיין נאָז האָט אָן אויפהער געזופּט.

קיינמאָל אין זיין ביז איצטיקן לעבן, האָט איציק אזויפיל רחמנות

געהאַט צו אַ מענטשן, ווי צו אַט דעם דאָזיקן איצט. פאַר איציקס אויגן איז געשטאַנען ס'בילד פון יענעם בלאָנדן יינגעלע.

* *

*

עס זיינען פאַרביי אַ פּאָר חדשים און אַ ייד מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, איז אָנגעלאָפן פון גאַס, געבליבן שטיין אויף דער שוועל און דערשראָקן אויסגעשריען:

— סעניאָר וואָלף, אייער זון...

וואָלף, איציק, די אַלטע דינסט זיינען געלאָפן. אויפן טראָטואַר ארומגערינגלט פון אַ רעדל נייגעריק-קוקנדיקע מענטשן, איז געלעגן וואָלפס זון אין גסיסה צושטאַנד. ס'איז געווען גאַנץ פרי. אַ דריבנער רעגנדל האָט געוואַשן אַ וואַקסן-געל פּנים, וואָס האָט דעם מינדסטן צוק ניט באַוויזן. נאָר די נאָזלעכער ווי קליינע פענכערלעך האָבן שנעל, שנעל זיך געבלעזלט, געעפנט און צוריקגעשלאָסן. וואָלף האָט דורכגעריסן דאָס מענטשנרעדל. זיין פּנים איז געווען קאַלכוויים. מיט הייסער פאָטער-ליבע האָט ער אויפגעהויבן זיין כמעט טויטן זון, און טוליענדיק אים צו זיין ברוסט, געטראָגן אַ היים. ר'האָט געשפּאַנט מיט פאַרטראַכטע אויסגעציילטע טריט. זיינע בלויע אויגן ווי שייבעלעך אומבאַוועגלעך, האָבן ניט געקוקט צו קיינעם און דוכט זיך קיינעם נישט געזען. און די אַלע מענטשן וואָס האָבן מיט שטומען מיטלייד דאָס צוגעזען, האָבן דערפילט, אַז אָט-דער עלנטער פאָטער טראָגט אויף זיינע הענט אַ גרויסן שטיק צער.

דעם גאַנצן טאָג איז וואָלף געזעסן ביים בעט מיט איינגעגראָבענע אויגן אין פּנים פון זיין שטאַרבנדיקן זון. יענעמס אויגן זיינען געווען פאַרמאַכטע און דאָס וואַקס-געלע פּנים איינגעטונקען אין שוויים. צום שטערן האָבן זיך געציילטע שוואַרצע האָר געקלעפּט. אָט איז דאָס שווערע אָטעמען געבליבן שטיין, ווי וועלנדיק זיך אָפּרוען. פאַרביי אַ סעקונדע און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן ס'שנעלע צעיאָגטע סאָפּען. פאַרנאַכט צו האָבן פּלוצים זיינע בלויע אויגן זיך צעעפנט און אַ לעצטער בליק האָט געצערטלט דעם פאָטערס פּנים. מיט אַ צופרידן שמייכעלע האָט אַ יונג לעבן זיך פאַרענדיקט...

## קאַפּיטל ט

די אַלטע קאָנסייסאָן איז געזעסן אויף דער ערד ביים פייער. די עלנ־בויגנס אָנגעשפּאַרט אויף אירע קני, ס׳פּנים צווישן דלאָניעס. פון מויל האָט א הילצערן קויל־שוואַרצע ליולקע גערויכערט. זי האָט געקוקט א פאַרטראַכטע אויף דעם בלעכענעם פאַררויכערטן טעפּעלע ווו זידנדיקער אָקרעפּ האָט געשוימט און איבערגעגאָסן זיך איבערן פייער. זי האָט אַלעמאָל געקראַצט איר גרוי געקרייזלט, ווי אָפּגעשוירן קעפּל. דאָס צע־קנייטשטע פּנים האָט זיך בייז געמיניעט, ווייזט אוים ניט צופרידן געווען מיטן גאַנצפריעדיקן ווינטעלע, וואָס האָט להכעיסדיק געטריבן דעם הארבן רויך אין אירע מידע קרוב 100־יעריקע אויגן. אין א ווינקל אויף א קאַסטן ווי א הינטל צוזאַמענגעקנוילט, האָט א קינד געשמאַק געכראָ־פּעט און פון צייט צו צייט פון שלאָף ארויסגעקלונגען מיט א גליקלעך געלעכטערל. מיטאַמאָל האָבן פעסטע טריט, ווי כמעט צעוואַקלט די פאַרשלאָפענע שטילקייט פון מוקאַמבאַלע.

— גוט מאָרגן באָבעניו — האָבן זיך דערהערט וואָלף און איציקס שטימעס.

— גוט מאָרגן קינדער. זיצט, זיצט אויף יענעם קאַסטן. דער רעגן וועט באַלד אויפהערן.

— עס רעגנט שוין ניט באָבעניו.

— א דאַנק דעם נאָסאָ סעניאָר.

א טרוקן ווינטעלע, בלאָזנדיק דורך די אָפענע טירן און פענצטער, האָט אָנגעטראָגן אהערצו ריחות פון מאַמאָנען־בלומען, פון פריש־אוים־געבאָדענע גראָזן, מיט א בשורה אויף א בלוי־באַהימלטן טאָג. נאָר בעז פאַרביקער רויך דאָ אינעווייניק האָט געשטיקט און צעטרערט אויגן. סע־ניאָר וואָלף האָט מיט שטיל אויסגעמאָסטענע טריט, צוגעשפּאַנט צו דער אַלטיטשקער, און אָנבויגנדיק זיך איבער איר, ארייַנגעשריען אין אירע אויערן:

— דאָנאַ קאָנסייסאָן, ווייסטו וועך עס רעדט מיט דיר?

די אַלטיטשקע האָט אַרויסגענומען דאָס ליולקעלע פון מויל, א בליאַסק געטאָן מיט געזונטע ציין און פון צווישן זיי האָט א שמייכל אַרויס־געבלאָנדזשעט אויף די צעקנייטשטע באַקן.

— זאָל מיך א דונער טרעפן, אויב ס׳איז ניט וואָלדעמאַר.

— בראַוואָ דאָנאַ קאָנסייסאָן.

— כ׳קאָן איצט גאָרנישט קויפן וואָלדעמאַר. איך דאַרף שוין ניט. אַלט, צעבראָכן.

— ווו איז מאַריאַ?

זי האָט א פאָכע געטאָן מיט דער האַנט, גלייך ווי אַוועקטרייבנדיק א זלידנע פליג:

— איך ווייס ניט. דוכט זיך געשטאָרבן. — און זויגנדיק ס׳ליולקעלע האָט זי זיך הפנים אין עפּעס דערמאָנט: — כ׳האָב איר געוואָרנט: ווייס איז ווייס, שוואַרץ איז שוואַרץ. און זי האָט געלאַכט פון מיר. גאָט זאָל איר מוחל זיין. „ביסט אַן אַלט פערד — האָט זי מיר געזאָגט — פאַר־שטייסט ניט. ער האָט בלויע אויגן, ער האָט ווייסע הענט, כ׳האָב זיי ליב צו קושן". אַ, אַ, אַ מאַמען טאָר מען ניט באַליידיקן, ניט שילטן, גאָט שטראָפט.

מיט ציטעריקע הענט האָט זי אָנגעהויבן צונויפשאַרן דאָס גרויע אַש פון פייערל אונטערן טעפּל, פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט א צעגליט שטיקל קויל און עס אַריינגעוואָרפן אין ליולקעלע. ווערטער הייזעריקע ווי ביי א פאַרקילונג, האָבן אָנגעהויבן זיך צו שיטן:

— כ׳האָב איר געזאָגט: דער ווייסער וועט דיך איבערלאָזן. ווי אַזוי האָט ער געהייסן?

— סאַלאַמאָן — האָט וואָלף איר צוגעהאָלפן.

— יאָ, סאַלאַמאָן. אַן אונדזעריקע דאַרף חתונה האָבן מיט אַן אונ־דזעריקן. זאָל איר גאָט מוחל זיין. האָט ער, ווי אַזוי הייסט ער דער שיכור?

— סאַלאַמאָן.

— האָט ער זי אָנגעפּולט מיט א בייכל. גאַנצע טעג געשפּילט אין קאָרטן, געשיכורט, און זי אַוועקגעוואָרפן. זאָל איר גאָט מוחל זיין. א נאַרישע צוויג געווען מאַריאַ. זי האָט מיך אין אַ באַנאַכט פאַרלאָזט, מיט אָט דעם בלאָנדן ממזרוק. א שלעכט קינד... מיט אַזאַ הינטיש בלוט אין זיך!..

אויף די שפּיץ־פינגער האָט וואָלף זיך צוגעשלייכט צום פייכטן ווינקל, ווו אויף א צעלעכערטן שטרויענעם איבערבעט, גוט איינגעוויקלט אין אַן אויסגעלאַטעטער קאָלדרע, האָט ס׳יינגעלע געשמאַק געכראָפּעט. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָט ער זיך אָנגעבויגן איבער דעם רואיק שלאָפנדיקן פנימל. מיט זיינע אויגן, מיט זיין אָטעמען געגלעט, זיידע־טריי, דעם קינדס בלאָנדע הערעלעך, פליישיק נעזל און בלאַסע ליפּעלעך. ר׳האָט פון קעשענע ארויסגעשלעפּט א טיכעלע, עס צוגעטוליעט צו זיינע אויגן, דערנאָך אויסגעווישט די נאָז.

— באַטראַכט אים איציקל. פּונקט אַזוי האָט שלמה׳לע אויסגעזען קינדוויז. נאָר שלמה׳לעם ליפּעלעך זיינען געווען פאַרביקער. — און א קראַץ־טוענדיק זיך אין קאָפּ, זיך גע׳עצהט מיט איציקן — ווי מיינסטו, מ׳עט קענען מאַכן פון אים א יידן?

איציק, א פאַרטראַכטער, האָט איצט וואָלפן פאַרגליכן צו א פאַרהתמעטן מיט סודות אָנגעפּיקעוועטן בריוו, וואָס וועט פון קיינעם, קיינמאָל דוכט זיך, ניט געלייענט ווערן. א טראַגישע נאַטור, וואָס האָט אַלץ אין זיך מיט זיבן שלעסער פאַרריגלט, און וועט קיינמאָל, פאַר קיינעם ניט, עפענען כאָטש א קליין שפּאַרונקעלע פון זיין האַרץ און וועמען ס׳איז באַלעסטיקן מיט זיינע ליידן. האָט ער דאָך ווען אָט דעם יינגעלע קיינמאָל ניט דערציילט און נאָר ערשט היינט גאַניץ־פרי, אומגעריכט אים געוועקט, ווי שטענדיק מיט א פּאָר ווערטער, רעטענישדיקע: „קום איציקל״.

און איצט: — אָט ליגט דאָס יינגעלע, זיין אייניקל, פאַרחלומט אין זייַנע קינדערישע חלומות. ס׳וועלן פאַרביי א פּאָר וואָכן מסתמא און עס וועט געשען: אויף דער וואַנט פון אָט יענעם שלאָפצימער, וועט זיך באַווייזן א נייער, קינדערישער פּאָרטרעט. נאָר אָנשטאָט א בלאָנד קעפּל — א ציגיינעריש־שוואַרץ און א פּאָר בלויע אייגעלעך וואָס וועלן מיט חידוש קוקן אויף א נייער וועלט.

— נו, וואָס־זשע שווייגסטו איציקל?

— נו... יאָ... כ׳מיין... טייגעכץ... א קינד איז ווי א טייגל, מ׳קאָן אַלץ דערפֿון אויסקנעטן.

— איציקל, ברענג אריין פֿון קאַפֿע־הויז פרישע מילך מיט קאַווע און זיסוואַרג.

אויף דער ערד זיצנדיק האָט נאָך אַלץ די אַלטע קאָנסייסאָן, ווי א מילעכל געמאָלן מיט רייד:

— א הינטיש בלוט... פרעסט נאָר זיסע זאַכן. און לאָזט מיך איינע אַליין זיצן ביים קלויסטער בעטלען. ווייל ניט פאָלגן, ווייל ניט העלפֿן, ניין און ניין...

— דאָנאַ קאָנסייסאָן, דו ווייסט אז סאַלאָמאָן איז געשטאָרבן?

— זאָל אים נאָסאָ סעניאָר מוחל זיין, און לאָזן רוען אין פרידן.

— ער איז געווען מיין זון.

— דיין זון?... פּסס... און דער ממזרוק אַנטאָניניו איז...

— מיין אייניקל...

— ווערסטו אים מיטנעמען מיט זיך?

— אויב דו ווילסט. כ׳וועל אים קליידן, שוכן אין שול אריין שיקן און... אין דיר אויך ניט פאַרגעסן.

ווי א קאַץ איז די אַלטע אויפגעשפּרונגען פֿון איר אָרט, געאיילט צום שלאָפנדיקן יינגעלע און אים גענומען טאָרען, וועקן:

— שטיי אויף...

אין הוילן העמדל איז געשטאַנען אינמיטן שטיבעלע, א פאַרשלאָפן זעקסיעריק יינגעלע. העגטלעך שמוציקע האָבן געריבן די פאַרשלאָפנע אייגעלעך. ר׳האָט זיך געוואַקלט הין און צוריק ווי פאַרשיכורט נאָך פון שלאָף. עטלעכע בלאָנדע הערעלעך האָט א ווינטעלע צעזייט איבער זיין שמאָלן שטערנדל. די אַלטיטשקע האָט געקאָמאַנדעוועט:

— גיי צו נעענטער צום יידן, קוש אים. זאָל ער דיך בענטשן.

מיט געהאָרכזאַמע דריבנע טריטעלעך, האָבן באָרוועסע פיסלעך גע־שפּאַנט צו וואָלפן. זיינע בלויע אייגעלעך האָבן מיט אומצוטרוי פאַרחי־דושטע באַטראַכט דעם נייעם זיידן. ס׳האָט וואָלפס האַנט געציטערט, ווען די קינדישע ליפּעלעך האָבן זיי געקושט: „בענטש מיך זיידע״.

— זאָל דיך גאָט בענטשן, מיין קינד.

מיט איציקס אַריינגעבראַכטן פרישטיק, זיינען דעם קליינעמס בלויע אויגן אויפגעלעבט געוואָרן. ר׳האָט זיך פריילעך צעשריען: „באָבע! העי, באָבע זע נאָר!״ דעם קליינעמס פיסקל ווי א מאַטאָרל האָט שנעל גע־אַרבעט. פון מילך מיט קאַווע זיינען זיינע הענטלעך געלאָפן צום קעז און נאָך שנעלער צו די זיסע לעקעכלעך, דרייעקיקע אייער־ברויטלעך און צום שאָקאָלאַד באַפּוצטן ביסקוויט.

— ועסט גיין מיטן זיידן? — האָט איציק אים געפרעגט.

— יאָ. און ווענדענדיק זיך צו וואָלפן, מיט א פול אָנגעשטאָפּטן פּיסקל — איאָ נייער זיידע? דו בעטלסט אויך ביים קלויסטער?

— ניין מיין קינד.

— וועסט מיך קויפן שיך? זי קויפט ניט.

— כ׳על קויפן.

— און אַ סך זיסע זאַכן צום עסן?...

— אַנטאָניניו, געזעגן זיך מיט דער באָבען. גיב איר א קוש.

גליקלעך, ס׳פּנימל ווי אן אויפגעשיינטע זון, איז ער צוגעלאָפן, ארומ־געכאַפּט דער אַלטיטשקער, געקושט איילנדיק איר צעאַקערטן האַלדז, אזש יענע האָט אינמיטן טרינקען זיך פאַרכלינעט.

— וועסט דאָ בלייבן באָבעניו. דער נייער זיידע בעטלט ניט.... ער׳ט מיך אויספּוצן . . .

— גענוג קליינער רוחל, הינטיש בלוט . . . זאָלסט פאָלגן דיין זיידן ויאַלדעמאַר, זאָ־אָ־אָ־לסט.

די אַלטיטשקע האָט זיך צעוויינט:

— כ׳בין שוין אַלט.... זאָל זיי דער נאָסאָ סעניאָר מוחל זיין...

אויף וואָלפּס פּנים האָבן זיך געפּערלט טרערן. איציק איז ווי א פּאַר־פרוירענער געשטאַנען פונוויטנס .א געוויין האָט זיין האַלדז געקיצלט.

## קאַפּיטל י

דער ווינטער איז אָנגעקומען מיט שטורעמרעגנס. קרוב צו א וואָך צייט האָט פון טונקל־גרויע הימלען ווי מיט צעבערס געגאָסן. דערצו האָט נאָך באַגלייט א בייזער ווינט, וואָס האָט גבורהדיק אַלץ צעשטערט אויף זיין וועג, געבראָכן צווייגן פון ישישים־ביימער, אויסגעוואָרצלט יונגינקע און אויף ווייט זיי פאַרוואָרפן. פון די בערג האָבן געדיכטע וואַסער־שטראָמען מיטגעשלעפּט מיט געוואַלדיקן אימפּעט, קליינינקע מוקאַמבעלעך און באַרג אראָפּ זיי געקייקלט ווי מיט קינדער־שפּילצייג. דאָס וועשער־געסל, איז געשטאַנען כמעט אינגאַנצן איינגעטונקען אין א טייך. דאָס קליינע פרידלעכע טייכל, וואָס האָט שטענדיק צופרידן אויסגעהערט דאָס געזאַנג פון די וועשערינס ביי זיין ברעג, האָט זיך איצט ריזיק אויפגעבלאָזן, אויף ווייט אין דער ברייט זיך צעגאָסן, געשטורעמט און געריוועט ווי א ים.

פונוויטנס זיינען געזעסן מענער, פרויען און קינדער לעבן קליינינקע צונויפגעבונדענע פּעקלעך. זיי האָבן זיך הפּנים ווייניק וואָס געקימערט מיטן דריבנעם זופּנדיקן רעגנדל, מיטן קילן ווינטעלע וואָס האָט איצט גע־זוכט זיך איינצופרעסן אין זייער כמעט נאַקעטקייט. פּנימער, אייניקע בלאַ־סע, אייניקע גרינע האָבן געקוקט אויף די פאַרטרונקענע היימען מיט אויגן אָנגעפּולט מיט נאַכטישער שרעק. אין זייערע אויערן האָט גלייך ווי נאָך אַלץ אַריינגעיאָמערט ס׳באַנאַכטיקע וויינען און געוואַלדעווען פון מענטשן, כמו צעחושטע, לעצטע אויסגעשרייען פון וועזנס, וואָס דאָס שטורעמדיקע וואַ־סער האָט אַוועקגעריסן פון לעבן. זיי האָבן געקוקט ווי אויף דעם אויבער־פלאַך פון די כמעט טויטע וואַסערן וואָס האָבן פאַרדעקט דאָס געסל, האָט אַלעמאָל בליצשנעל אָנגעיאָגט א כוואַליע, זיך אָנגעשלאָגן אין די ווענט פון די ליימענע הייזקעס, זיי צעלעכערט און צעפּיצלט; ווי אַלטע שטרוי־ענע איבערבעטן, מאַטראַצן, קעסטלעך און בלעכענע פּושקעס, טעפּלעך

און הויז־מכשירים זיינען איצט געשווומען, זיך געדרייט ווי וואַלסירנדיק איבערן וואַסער. אַט האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ ברעג, גלייך ווי זוכנ־דיק אַ מקום מנוחה, און באַלד ווידער אוועקגעשטויסן מיט איילעניש און אוועקגעשלעפּט געוואָרן צום אויפגעברויזטן טייך. פון ערגעץ האָט דער שטראָם אַהער אָנגעטראָגן אַ פּאָר שטשורעס. מיט די ווײַדעלעך אויסגעצויגן אויפן וואַסער, מעלאַנכאָליש סווישטשענדיק, האָבן זיי שווימענדיקע מיט אייגעלעך דערשראָקענע, געזוכט אַ רעטונג. אַ פּאָר קינדער מולאַטקעלעך, האַלב נאַקעטע, האָבן איצט אָן אַלעמען פאַרגעסן און אַ נעם געטאָן זיך צום וואַרפן שטיינער אויף די חיהלעך. „לאָז זיי ניט — האָבן אייניקע געקווי־טשעט אַזש פאַר פרייד,— לאָז זיי ניט צושווימען צום ברעג”. אַ האָגל פון שטיינער האָט דעם וועג געצוימט פאַר זיי פון פאָרנט און פון הינטן. זיי האָבן מיט אַלע זייערע לעבנס־כוחות זיך געראַנגלט, ביז אַ כוואַליע האָט זיי פאַרשלונגען.

אויף טראָטוואַרן, קליינינקע שיפלעך, האָבן מענטשן זיך געשיפט צו די דערטרונקענע הייזלעך, געגישטערט דאָרט אַ פאַרבליבן לעבעדיקן וועזן, אַ חפץ אָפּצוראַטעווען. מ'איז צוריקגעקומען ווי פאַרשעמטע מיט ליידיקע הענט, מיט אויגן וואָס האָבן גלייך ווי געזוכט זיך צו פאַרענטפערן:

— קיינעם ניט געפונען... ניט געטראָפן . . .

— און אויפן טייך איז אַ געפּאַר זיך אַ לאָז צו טאָן איצט . . .

— די טויטע וועלן זיך באַווייזן. ערגעץ ביי אַ ברעג.

און איציק צווישן זיי. פונדערווייטנס האָט איצט צו אים געוויינט יע־דעם הייזל, אַזוי ווי קליינע קינדערלעך, נאַאיוו זיך באַקלאָגט אויפן פאַר־רעטערישן טייכל, אויף די בייזע רעגנס. פון טייך האָבן אַזעלכע באַקאַנטע געשרייען, גלייך ווי נאָך איצט געבויערט זיינע אויערן. מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער זיי אַלעמען איצט געזען, ווי אין חשכות פון דער נאַכט. עס האָבן זייערע הענט הילפסבעטנדיקע אויפגעבליצט און מיט די לעצטע פינ־גער־באַוועגונגען, געוווּנקען נאָך לעבן. אָט־דאָ האָט ער דאָך זיינע ערשטע טריט געשטעלט זיין חיונה צו מאַכן. עס האָבן דאָך זיי, די אייביק באַגליק־טע, מיט צופרידנקייט, מיט זייערע ערשטע שמייכלען, אים קוראַזש געגעבן אין די ערשטע טעג פון זיין קומען אין בראַזיל.

ער האָט עטלעכע פעסטע קלעצער מיט שטריק צוזאַמענגעבונדן, זיך ארויפגעלייגט אויף זיי, און מיט די הענט ווי מיט וועסלעס געשאַרט די וואַסערן, געשווומען באַגלייך מיט אַנדערע. פון פוסטע הייזלעך האָט איצט געווייט מיט טויט-שטילקייט, — קיין לעבנס-צייכן געווען אין זיי. איבער־געבראָכן אויף אַ העלפט איבערן וואַסער איז געלעגן דער איינאַונאַיינציקער קאַשטאַנען-בוים פון געסל. זיין אומבאַהאָלפן וויגן זיך אַהער־אַהין, האָט אין איציקן אויפגעוועקט בענקשאַפט צו די אָפטמאָל שטילע ביינאַכטן, ווען ר'האָט הינטער זיין שאָטן ליב געהאַט זיך אַוועקצוזעצן, זיך צוצוהערן צום געזאַנג פון די וועשערינס, צום ריטמישן אויסקלאַפּן פון אויסגעזייפטע וועש אויף די זויבער ריינע שטיינער ביים ברעג און צום מאָנאָטאָנעם זעגן פון סיגאַרע צווישן גראָזן. פון אַ כאַטקעלע האָט פּלוצים אַ האָפענונגסלאָז וויינען, אריינגעעלנט אין דער טויטער שטילקייט. ס'איז געווען דער באָ־העם. איציק האָט אים דאָרט דערזען זיצן אויף אַ הויכן קאַסטן, מעשה שבעה, האַלב-נאַקעט, פּיטש-נאַס. זיין קאָפּ צווישן די הענט באַהאַלטן, האָט ער זיך געשאָקלט הין־און־צוריק. אין זיין פאַרגעלטן פּנים, אין די גרויסע בלוי-אָרומגערייפלטע אויגן, האָט מען קיין שמץ פון זיין שטענדיקער פרייד ניט געפונען.

— קום ארויס פון דאַנען, גיכער! — האָט איציק געשריען.

— לאָז מיך איבער דאָ אַליין. כוויל אויכעט שטאַרבן.

— שטרעק אויס די האַנט! — גיכער דו אידיאָט, אַ ניט וועל איך דיר דערלאַנגען איבערן קאָפּ . . .

— דערלאַנג . . . דערלאַנג . . . כ'וויל ניט לעבן . . . איי ברודערל, — האָט יענער געכליפּעט — אַזאַ שיין מיידעלע געווען, אַזאַ קלוג מיידעלע געווען — דאָ האָט ער אָנגעהויבן מיט די פויסטן, ווי מיט האַמערס קלאַפּן אין זיין ברוסט אריין — גלייך ווי מיין אייגן קינד . . . איך האָב עם ליב גע־האַט . . . אן אָרעם יתומהלע געווען נעבעך . . . געקענט איר פאָטער, איר מוטער, וואָס זיינען פון טובערקולאָז געשטאָרבן. רחמנות געהאַט. גע־קליידט, געשוכט, זי געלערנט. יעדן טאָג האָב איך פאַר אירטוועגן גע־בראַכט נאַשערייען. און זי פלעגט מיך אַרומנעמען, מיט וואַרעמע ליפּעלעך קיצלען מיינע ליפּן, מיין פּנים און גלייך ווי אויסזינגען: טאַטעלע . . . טאַ־טעלע . . . ניין! ניין! איך וויל ניט לעבן! איך ריר זיך ניט פון אָרט.

פּאַרזיכטיק, אויסגערעכנט, האָט איציק מיט דער טראַטווע וואָסאַמאָל מער זיך דערנענטערט. ער האָט בליצשנעל א פּעסטן אָרעם פאַרוואָרפן אי־בער יענעמס האַלדז און ווי מיט א שלייף אים ארומגענומען. ביים באָהעם האָט אַזש ס׳פּנים זיך אָנגעהויבן בלויען, זיינע אויגן דערשראָקענע האָבן נאָכגיביק געקוקט אויפן ווילד־אויסזעענדיקן איציק, וואָס האָט געשריען:

— איך וועל דיך דאָ ניט איבערלאָזן! קום! אַניט וועלן מיר ביידע דאָ דערטרונקען ווערן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פּאַרנאַכטצו איז דאָ שטיל געוואָרן. א פּאָר יידישע קליענטעלטשיקעס, דורכגעווייקטע פון רעגן האָבן מיט פארכמורעטע פּנימער באַטראַכט דעם חורבן. איינער האָט א פּאַק קאַרטאָנדלעך ארויסגעצויגן פון קעשענע, אָנ־געהויבן צו באַטאַפּן יעדעס טאַכעטל, ווי א בלינדער בעטלער א מטבע. און אויספּייפּענדיק אן אויסגעצויגענעם זיפץ, האָט ער אָנגעהויבן צוערשט באַ׳ישוב׳ט און פּאַמעלעך, דערנאָך שנעל און נערוועאיש זיי צערייסן, צע־פּיצלען און מיט איינמאָל זיי צעזייט איבער די קאַלעמוטנע וואַסערן. אויף א שטיין איז דאָ נאָך געבליבן זיצן פאַרטראַכט אן אלטיטשקע. אירע גרויע צעפּאַטלטע האָר, האָט א ווינטעלע אַלעמאָל צעבלאָזן. לעבן איר צופוסנס — א מאָגער ציטערדיק הינטל. די מאָרדע באַהאַלטן צווישן די פּיסלעך, האָט עס מיט אָנגערעגנטע אויגן געקוקט צו דער מיט וואַסער באַדעקטער גאַס, און שטיל קוויטשנדיק אויסגעוויינט אן עלנט געוויין.

### קאַפּיטל יא

אזוי גליקלעך אויסגעזען, אזוי גליקלעך! אזוי ווי א פרילינג ווינטל אויף אויפגעוואַכטע פעלדער. אין א לייכט בלוי־ווייס געפינטלטן קלייד, האָט מיט אומרואיקע באַוועגונגען א גראַציעזער קערפּער מיט לעבן גע־ברויזט. ווער וועט ניט באַוווּנדערן אזא העל־בליענדע בלום! עס האָבן יונ־גע און אַלטע אויף די באַוועגלעכע גאַסן זיך אָפּגעשטעלט מיט פאַרשנדי־קע אויגן, אריינגעדרונגען אין יעדן מינדסטן דעטאַל פון איר קערפּער, אין די אַוועקשטאַרנדיקע האַרטע ברוסטלעך, ווי עפּל זאַפטיקע, דוכט זיך פון קיין מענערישער האַנט נאָכניט באַרירט.

— העי ,בעסאַראַביער, שוין אַזוי גיך רייך געוואָרן, אַז איר דערקענט ניט קיין מענטשן?

זאָל עס ניט זיין דאָס יונגע ווייבל, זיין שיף־שוועסטער? איציק האָט זיך דערמאָנט: דעמאָלט אויף דער שיף, האָט די ים־קראַנקהייט זי פאַר־בלאַסט און פאַרקלענערט איר פּנים. אירע ביר־קאָלירטע אויגן זיינען מיט כמאַרעלעך געווען פאַרדעקט. שעהן גאַנצע איז ער אויפן שיפדעק לעבן איר געזעסן, געריבן איר פאַרחלשט פּנים, אירע שלייפן מיט ספּירט און קאָלאָן־וואַסער, זי געמונטערט מיט טרייסט־ווערטער. איצט האָט אירע אַ ווייסע, גוט אויסגעזייפטע און פּערפומירטע האַנט געוואַרעמט זיינע, מיט אַזויפיל האַרציקער פריינטשאַפט. אָט באַלד, האָט זיך אים אויסגעדוכט, וועלן אָט דיביידע הענט אירע אַרומפלעכטן זיך אַרום זיין האַלדז, ווי אַרום דעם לאַנג־אויסגעבענקטן און איצט־געקומענעם. אירע לויטערע ביר־קאָליר־טע אויגן האָבן פרייליך אַריינגעלאַכט אין זיינע פאַרחידושטע אויגן און ניט געלאָזט פאַרטראַכטן זיך אויף אַ רגע. און טאַקע: צו וואָס טראַכטן, ווען לעבן בליט אַזוי שיין פאַר זיינע אויגן?

— אָ, בעסאַראַביער! אַזויפיל גליק פאַראַן אין באַגעגענען זיך...

איציק האָט שנעל פאַרענדיקט אירע ווערטער: — אין באַגעגענען זיך מיט אַזאַ זיס פּנימל...

— שפּאַסט ניט בעסאַראַביער.

— איציק מיינט איר. מיינע ווערטער זיינען לויטער אמת.

— און מיין נאָמען איז גאָלדע.

— גאָלדעלע מעג זיין. אָבער ווי מיר שיינט זייט איר דאָך ניט אַהער־צו געפאָרן?

זי האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן. שטיפעריש האָט זי אים געשלעפּט מיט זיך:

— קומט צו מיר אַרויף.

דורך פאַרדרייטע טרעפּ איז מען פאַרדעכטעטע אָנגעקומען אויף אַ פינפטן שטאָק. אַ צימער אָנגעפּולט מיט ליכט. פאַרהענגלעך שניי־ווייסע

פֿון א ווינטל אויפגעבלאָזן האָבן פאר איציקס אויגן אַנטפּלעקט טיף-בלויע שטיקער בין-השמשות הימלען. ס'האָט דאָ די זויבערע ריינקייט פון יעדן ווינקעלע ארויסגעזונגען, ווו אַלץ איז געווען מיט חן און געשמאַק אויסגעשטעלט. נאָענטביים פענצטער, מיט א בלוי-פּליושענער קאָלדרע איבערגעדעקט האָט געחלומט א בעטל מיט נעכט אמאָל שלאָפלאָזע, און אפשר מיט גליקלעך אויסגעשלאָפענע.

— אירט טרינקען א גלאָז מינעראַל וואַסער?

— מיט פאַרגעניגן.

— איר האָט דוכט זיך מיר עפּעס געפרעגט פריער?

— און איר האָט ניט געענטפערט. כ'מיין וועגן אייער שוועסטער, צו וועלכער איר זענט געפאָרן.

גאָלדעלע ווי פאַרשעמט האָט ס'פּנים מיט אירע פוכקע הענטלעך פאַרדעקט. צי האָבן אירע אויגן זיך געוואַשן אין טרערן, צי ניין, האָט איציק ניט געזען. נאָר אין שטורעמדיקן הייבן זיך פון אירע האַרטע ברוסטן, האָט ער דערשפּירט עפּעס גרויליקס, וואָס האָט אויפגעציטערט איר גאַנץ וועזן.

— זייט מוחל גאָלדעלע.

— עפּעס פאַרדרייט זיך מיר דער קאָפּ ווען איך דערמאָן זיך אָן אַלעמען .א קאָשמאַר געווען. ס'האָט דאָך מיט מיר דאָסזעלביקע געקאָנט געשען ווי מיט מיין שוועסטער, די איינגעשלונגענע פון יענעם „געסל". כאָטש וואָס וואָלט איך די פאַרצווייפלטע דעמאָלט געקאָנט פאַרלירן? אלצאיינס, פון עלנט וואָלט איך זיך ניט באַפרייט. און וואָס איז דען אינגאַנצן אומשטיינס געזאָגט דעם מענטשנס לעבן אין האַנט פון גורל?

— איך גלויב ניט אין אים גאָלדעלע.

— אין דער היים דאָרט, איז שווער געווען צו לעבן לעצטנס. באַלד נאָך דער חתונה איז מיין מאַן געשטאָרבן פון פלעק-טיפוס. געבליבן אָן עלטערן, אָן פריינט, פאַרדינען איז ניט געווען ביי וואָס. האָט זיך אָט די „רייכע" שוועסטער דערמאָנט אָן מיר . . .

ביי די לעצטע ווערטער, געשטיקט פון א געוויין, האָט זי באַהאַלטן איר פּנים אין קישן. מיטליידנדיק האָט איציק צוגעשפּאַנט נענטער צו איר. זיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן גלעטן און שפּילן זיך מיט אירע ווייכע, זיידענע האָר:

— גאָלדעלע דערציילט ניט... כ'פאַרשטיי שוין... ס'אַ זינד צו זען אַזעלכע שיינע אויגן וויינען.

זי האָט ארויסגענומען פון א שופלעדל א בילד: — באַטראַכט זי..

מיט א פאַרקרימט פּנים ווי ביים דערזען א לעפּרע־קראַנקן האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט: — ניין כ'וויל ניט זען גאָלדעלע.

מערקווירדיק ווי אויגנבליקלעך שנעל איר פּנים האָט זיך מיטאמאָל געענדערט. און אינגאַנצן איינגעטונקען אין פרייד איז זי אויפגעשפּרונגען ווי א ווילד ציגעלע:

פלוצים ווי א וויכער האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן איבערן צימער. דאָס ווייס־בלויע געפינטלטע קלייד, ווי א שירעמל האָט זיך אויפגעבלאָזן. די הענט אין דערברייט צעלאָזענע, ווי שוואַנענהעלדזער האָבן זיך ריטמיש געבויגן אהין און אהער. באַלד האָט דאָס וואַלסירן אויף איין פלאַץ, מיט יעדער רגע, זיך אָנגעהויבן פאַרשנעלערן. אין פאַרטונקלטן בין־השמשות צימערל האָט פאַר איציקס אויגן, אויפגעלויכטן א ווייס צעבליטע בלום.

— איציק, איך בין גליקלעך, איך בין גליקלעך!...

פאַרסאַפּעט, הילכיק לאַכנדיק ,איז זי שפּעטער אוועקגעפאַלן אויף איר בעטל. דורך צעבלאָזענע פאַרהאַנגען האָט שוין אָנגעהויבן אריינקוקן דער בלוי־באַשטערנטער הימל. שטאָטישע גאַסן האָבן מיט עלעקטרישע לעמפּ־לעך, ווי מיט שנירלעך קרעלן זיך פאַרפּוצט. פון נאָענטן קלויסטער, האָט א זייגער אויסגעקלונגען נאַכט שעה'ן. איציק האָט פון זיין פּלאַץ זיך אויפּ־געהויבן:

— גאָלדעלע, כ'דענק, אז ס'איז שוין צייט צו גיין.

און ס'איז געשען אומדערוואַרטעט. אין דער פינצטער האָבן ווייסע הענטלעך אויפגעבליצט. הייסע, שטייפע, האָבן זיי מיט מאָדנער גבורה

איינגעקלאַמערט זיינע און אים א שלעף געטאָן צו זיך. באַלד האָבן זיי ווי ווילדער וויינריב ארום זיין האַלדז זיך ארומגעוויקלט. איר נאָענטקייט האָט איציקן פארשיכורט מיט עקזאָטישן ריח פון ערב-פרילינג פעלד וואָס גאַרט נאָך באַפרוכפערונג. פנים, ליפּן, נאָז, אויגן צעפלאַמטע האָבן זיך גענורעט אין זיינע, מיט הייסן אָטעם געבלאָנדזשעט, גענישטערט, געפּאָדערט. מיט יעדן צוריר צו איר שטייפן גוף, האָט ער דערשפּירט א זיסע וואַרעמקייט, וואָס ווייעט פון איר און צעיאָגט זיך בליצשנעל ווי א שטאַרק געטראַנק לענגאוים זיין קערפּער. נאָר די פארחלומטע שטילקייט פון צימער, האָט סודותדיק איינגעזאַפּט אין זיך אן אָנגעגליט אָטעמען פון צוויי אויסגעדורשטיקטע וועזנס וואָס האָבן ביז שיכרות געטרונקען פון לעבנס כוס. ווי א שטיל קוואַלעכל-געזאַנג האָבן אירע צערטלעך-אַרויסגעשעפּטשעטע ווערטער זיך געבעטן: איציקל... איציקל טייערער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארביי א פּאָר טעג האָט איציק זי געזוכט און ניט געטראָפן מער. אין דער היים האָט אים אָפּגעוואַרט א דינינקער בריוועלע: — „וואָס מאַכסטו איציקל? א שאָד... א שאָד... אָבער כ'קאָן דאָ מער ניט זיין. דער שאָטן פון מיין „פארבלאָנדזשעטער" שוועסטער פארפאָלגט מיך, לאָזט מיך ניט רוען. כ'וויל אַוועק ווייט, פון דאנען. אפשר וועלן מיר זיך נאָכאַמאָל באגעגענען. דערווייל וועלן מיר זיך טרייסטן מיט א זיסער דעראינגערונג פון א האַרציק נאָנטער באַגעגעניש".

צי איז עס געווען חלום אָדער וואָר? פאר איציקס פארמאַכטע אויגן האָט זיך ווי א רעטעניש אוועקגעשטעלט די עניגמאַטישע פרוי, מיט איר רייצפולער שיינקייט, איר פּלוצימדיק אומבאַהאָלפן וויינען, איר גליקלעך לאַכן. אמת, ס'איז געווען א זעלטן גליקלעכע באַגעגעניש מיט א היסטערישער טעמפּעראַמענטפולער יונגער פרוי, וואָס זעטיקט זיך קיינמאָל ניט אין איר העלפייערדיקער ליידנשאַפט. צי איז דאָס אַלץ ניט געווען א שפּאַס פון א וואַמפּיר-פרוי מיט א כמו נאַאיוון בחור?... און דאָך שמייכלענדיק צו זיך אַליין, האָט ער דערפילט ווי אָט די גאָלדעלע האָט אין אים איינגעפלאַנצט א שפּאָגל-נייע בענקעניש.

די נאַכט איז געווען א הייסע. די ברייט צעצווייגטע זשאַקא-ביימער לעבן פענצטער, זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, שלאָפנדיקע. פון צייט

צו צייט האָט זיך דערהערט דאָס שפּרינגען פון א פייגעלע צווישן זייערע צווייגן. אויף דער גאַס האָבן נאָך איינצלנע מענטשן געשפּאַנט, ווער פאַר־טראַכט, אָן חשק, מיט געציילטע טריט, ווער — אויסוווישטשענדיק א לידל, צופרידן מיט נאַכט־אַוואַנטורעס. איציק איז ביים פענצטער געזעסן. אויגן האָבן אימיצן געזוכט אין טרוימענדיקע ווייטקייטן. ער האָט געטראַכט: „אַזאַ נאַכט וועקט אויף אין מענטשן א ווייטיקפולן עלנט".

## קאַפּיטל יב

גרויסע פאָרטרעטן פון יידישע שרייבער, האָבן פאַרשעמטע אַראָפּגע־געקוקט פון וואַנט אויפן לאַנגן סאַלאָן, מיט זיינע אַנצאָליקע בענקלעך, אויף דער שטומער פאַרדעקטער פּיאַנאָ, אויף די בידנע פּאָר שאַפּקעלעך, ווו בי־כער פאַרשלאָסענע האָבן געיתומט. ביי א טישל האָט געאיינזאַמט א יונגער־מאַן. זיין פּנים ראָז־רויט ווי פון אָקרעפּ אָפּגעברידט. אויף זיין באַקלייענטן האַלדז האָבן זיך געפּלעקט ווייסע לישייעס. דורך טונקל־ברוינע ברילן האָבן זיינע קורצזיכטיקע אויגן אריינגעטאָן אין א בוך, — פאַראינטערעסירטע געלייענט. אויפן טישל לעבן אים זיינען געווען אָנגעהויפנט בערגלעך יידי־שע צייטונגען, אַהער אָנגעקומענע פון פאַרשידענע לענדער, אייניקע שוין געעפנטע — אַנדערע נאָך פאַרחתמעטע. ניט קוקנדיק אויף איציקן, האָט ער אָן חשק, יוצא צו זיין, געפרעגט:

— איר ווילט עפּעס לייענען?

— אוודאי.

דער יונגערמאַן גלייך ווי אויסהערנדיק א בשורה טובה האָט אויפגע־לעבט. זיין פּנים איז מיטאַמאָל נאָך פאַרביקער געוואָרן, די רויטקייט האָט אַפילו פאַרדעקט די געלע קלייענדיקע פינטעלעך, די ווייסע לישייעס אויפן האַלדז. ער האָט אויסגעטאָן זיינע ברילן און האָרט נאָענט זיך גוט אַריינ־געקוקט אין איציקס פּנים.

— קלויבט אויס וואָס איר ווילט.

— עפנט זשע די ביכער־שאַפּעס.

צעעפּנטע שאַפעס האָבן א בלאָז געטאָן מיט וואָלקנדלעך שטויב. די שויבן פון אינעווייניק זיינען געווען איבערגעצויגן מיט געדיכטער פּאָזאַ־טינע. א ריח פון מאָיל און שימל האָט געשלאָגן פון דאָרט.

מ׳האָט זיך באַלד באַקאַנט, מיט א פריינטלעך דריקן די הענט.

— ווי איך זע ביסטו דער ביבליאָטעקאַר דאָ.

— נאָר דאָס? איך מאַך ריין, עפן אויף און פאַרשליס דעם סאַלאָן. כ׳בין דאָ פּרעזידענט, סעקרעטאַר און אפשר דער איינציקער דאָ צו לייענען אַלע צייטונגען, איינצוזאַפּן אלע יידישע צרות.

— פאַרוואָסזשע דער איינציקער, חבר זילבערשטיין?

— כ׳פאַרשטיי נאָך אליין ניט פאַרוואָס. כאָטש די ניי־אָנגעקומענע, זיינען יונגעלייט מער פאַרשטענדיקערע און געבילדעטערע. מ׳האָט זיי הפּנים איינגערעדט אז דאָס אריינקומען אַהער איז א שטער צום קרעדיט.

— ווייסטו וואָס זילבערשטיין, לאָמיר צוערשט ארומפּראָשען און ריין מאַכן די ביכער־שאַפעס.

— אויסגעצייכנט איציק.

מיט א באַזונדער האַרציקער ליבע און דרך־ארץ, האָבן ביידע זיך א כאַפּ געטאָן צו די פּאָר בעזימלעך, וואָס האָבן געדרעמלט אין א ווינקל פון סאַלאָן. מ׳האָט געפּראָשעט, געבלאָזן מיט מיילער, מיט איינגענעצטע פיל־קעס געווישט די טעוועלעך, געריבן פאַרזיכטיק די רוקנס אזוי ווי פלייצע־לעך פון קליינע קינדער. דערנאָך ערשט האָט מען אראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך, אויפגעקנעפּלט די קעלנער, פאַרקאַשערט די אַרבל און זיך א נעם געטאָן צו די שאַפעס. מ׳האָט געמישטערט אין דינינקע מאָיל־לעכלעך, אהין אריינגעשטאָכן דינינקע שפּילקעס, ארויסגעשלעפּט מאָיל־ווערים, ארויסגעשארט פון די פאַליצעס אייער און דינע קאַפּע־שווארצע פליגעלעך פון טויטע באַראַטעס.

— די שויבן, חבר איציק, די שויבן וואָס ריינער מאַכן! זיי דאַרפן שטאַלצע יעדן איינעם ווייזן די אוצרות וואָס וווינען דאָ, יעדן איינעם — און באַלד פאַרצווייפלט א פרעג געטאָן — ווער מען? . . .

— זיי וועלן קומען זילבערשטיין.

זילבערשטיין, א געטרייסטער האָט זיך צעלאַכט. מיט הנאה האָט ער געקוקט אויף דעם קרעפטיקן בעסאַראַביער בחור, וואָס איז אומגעריכט מיט א געזונטן אימפּעט אהער אָנגעקומען און מיט א פּנים פון שטויב באַדעקט, פון שוויים באַנעצט, ארבעט ער איצט מיט אזא גרויסער התמדה.

— צינד אָן אַלע לאָמפּן! — האָט איציק אויסגעשריען — זאָל דאָ ווערן ליכטיק! און א ווינק טוענדיק צו די גרויסע יידישע שרייבער-פּאָרטרעטן, אָנגעהויבן רעדן צו זיי ווי צו לעבעדיקע וועזנס:

— נו, אייערע קינדערלעך האָבן מיר שוין אויסגעפּוצט, איצט יעמוד! זייט מוחל איר אליין! דו זיידעניו, מענדעלע. דיינע תלמיד-חכמדיקע באַברילטע אויגן ,דיין שפּיציק גרוי בערדל האָבן זלידנע פּליגן, א רוח אין זייער טאַטן, א ביסל אומריין געמאַכט. עס חלומט זיך זיי גנילאָפּאַטיווקע, מיט טאָקסעס און כלי-קודש; און דו ליבער שלום-עליכם, ניט געזאָרגט. עס איז נאָך נישט פונעם יאַריד. דער נייער מנחם-מענדל דאָ וועט ווייטער שרייבן האַרציקע בריוו זיין שיינע-שיינדלען מיט אן עיקר שכחתי; פּרץ האַרציקער טאַטע, זיי ניט פאַראומערט! דערצייל, באַ׳ישוב׳ט, דאָס מעשה׳לע וועגן גוטע זיבן יאָר, בטחון... בטחון...

אינמיטן דערינען, איז זילבערשטיין האָפענונגספול אַריינגעפאָרן:

— און מאָרגן, וועלן מיר דאָס אַלץ אויספּוצן, אויסוואַשן. א ליאַלקע וועט עס זיין.

— נו און ווייטער? — האָט נאָך אַלץ א פאַרצווייפלטער זילבערשטיין געפרעגט. איציק האָט זיך פאַרטראַכט. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אָט די אַלע בחורים, וואָס דערשטיקן זייערע נעכט און פרייע מינוטן, ביי טישלעך אין קאַפע-הייזער, אויף פּראָסעס און שטאָט-גערטענער, זיך טוליענדיק צו קאַלטע שטיינערנע בענק. האָט מען דאָך אים שוין אזויפיל מאָל דערציילט, וועגן קינדער, יידישע מיידלעך, הי געבוירענע, וואָס פוסטעווען אָפּ פאַרבענקטע, חדשים און טעג אין זייערע היימען. אָט דאָ וואָלט דאָך געדאַרפט אָפּקלינגען זייער פריידיק געלעכטער, זייער יידיש רעדן און זינגען.

— זילבערשטיין! — מיט אזא זויערן פנים זוי דיינם וועסטו גאָרנישט אויפטאָן. לאָמיר שוין אן אויפרוף אָנשרייבן. און טאַקע אים מאָרגן פאַר־שפרייטן. מיר וועלן זיי וועקן, ניט לאָזן דרעמלען. דער עיקר איז אַהער־צו זיי ארײנצוברענגען, צונויפזאַמלען. יאָ פאראייניקן צי נישט, נאָר זאָלן זיי דאָ זיין. דאָ, דאָ!

## קאַפּיטל יג

— לעבן זאָל דער ראַטנפאַרבאַנד!

— לעבן זאָל ארץ ישראל!

— אונדזערע ברידערלעכע גרוסן צו די האָרעפּאַשניקעס אין בירא־בידזשאַן!

— א לויב־געזאַנג דעם ערלעכן חלוציזם!

— לאָקייען פון וועלט אימפּעריאַליזם!

— רויטע משרתים!

— פאַשיסטן! שאָוויניסטן!

אממייסטן האָט זיך געהיצט מיט א צעקוויטשעטע קולכל, א מאָגע־רער באַברילטער יונגערמאַן. אומרואיק ווי קוועקזילבער איז ער אומגע־לאָפן. דאָ געשושקעט זיך, דאָרט געשריען הויך, דערביי געפאָכעט אין דער לופטן מיט אן אויסגעשטרעקטן קולאַק:

— אונדזער דור מוז פון דער קלעריקאַלער פארגאנגענהייט זיך אָפּ־טרייסלען. די וועלט־געשיכטע הייבט זיך אָן מיט 1918.

— אפשר פריער מיט א פאָר חדשים, יוזיקל? — האָט איינער אים באַאישובט געפרעגט.

— דו ביסט דאָך שימל.

— העי, וואָס גראַגערסטו דאָרט, יוזיקל?

— זעט, ווי זיין פּיסקעלע האָט זיך צעעפנט, מירקע געב לשון!

—וועלט פאַרזאָרגער מיינער! געלט אויף עסקא האָסטו? הייזער אייגענע און א גרויסע קליענטעלע האָסטו?! אלץ אויפן חשבון פון אָרע־מען בראַזיליאַנער! א וואַזשנער רויטער!

דער גוט באַלויכטענער אויפגעלעבטער ביבליאָטעק־זאַל, האָט זיך געבאָדן אין ציגאַרנרויך און געשרייען. בענקלעך האָבן נערוויייאיש זיך גערוקט, אויף טישן האָבן הענט געפּאַטשט, פיס האָבן מיט עקשנות גע־טופּעט. ביים טיש זיצנדיק, אָנגעטאָן אין פרייד, האָט איציק געטאָרעט זילבערשטיינען:

— ס׳איז גוט, ס׳איז דאָ מחיה׳דיק וואַרעם געוואָרן.

א גלעקל האָט זיך צעקלונגען. שטיל געוואָרן. זילבערשטיין מיטאַ־מאָל א פאַרבלייכטער, א דערציטערטער, האָט קוים ארויסגעשטופּט די ווערטער פון זיין מויל:

— חברים איך בעט צו פאַרנעמען די פּלעצער און רואיק זיין. חבר איציק האָט דאָס וואָרט.

— נאָר ניט שמן־זית׳דיק! — שרייט יוזיקל.

— און ניט פראַזעווען מיט קאַפּיטאַליזם, סאָציאַליזם, פאַשיזם, שאָ־וויניזם!

— בלוט וועט זיך גיסן! — היצט זיך יוזיקל.

— אַפילו קיין וואַסער ניט, דו רויטער קאָטער!

ס׳גלעקל קלינגט אָן אויפהער. עמעץ האָט א פעסטן קלאַפּ געטאָן אין טיש. איציק רעדט שטיל עמאָציאָנירט:

— חברים, ס׳איז א יום־טוב היינט פאַר אונדז אַלע. ניטאָ קיין גרעסע־רע פרייד, ווי צו זען אונדזער יוגנט אָט דאָ פאַרזאַמלט אויף איר ריכטיקן פּלאַץ. דאָ פרעגט מען קיינעם נישט אויף פּאַספּאָרטן. מ׳האָט אונדז שוין גענוג פאַרטשמעליעט דעם קאָפּ מיט פּאַספּאָרטן. זייט רויטע, ווייס־בלויע, דער עיקר אָבער זייט יידן. לאָמיר אָפּהיטן אונדזערס, לאָמיר העלפן שאַפן אויף ווייטער אונדזערס. מיר אַלע ניי־אָנגעקומענע אהער אין גאַסט-

פריינטלעכן לאַנד האָבן נאָכנישט פאַרגעסן, די שנאה צו אונדז, דאָס פאַרפאָלגן און צאַפּן אונדזער יידיש בלוט אין רומעניע, פוילן, ליטע און דייטשלאַנד! אין אונדזערע קליינע שטעטלעך געוועלטיקט פּיין, דחקות און האָפענונגסלאָזיקייט. אָט די אויגן מיינע האָבן געזען יידן צום טויט־געשמיסענע. זיי זיינען עדות צו דערציילן ווי א קוזיסטישער כוליגאַן איז־דיעקעוועט זיך מיט פּייניקן און שמייסן דעם אַלטן יידן און דאָס ארוים־וואַרפן אים פון שנעל יאַגנדיקע באַנען. „גייט קיין פּאַלעסטינע זשידאָ־נעס! גייט קיין מאָסקווע באַלשעוויקעס!" — שרייען זיי און טרייבן אונדז פון דאָרטן — „דאָ איז קיין פּלאַץ פאַר אייך ניטאָ מער!" יאָ, שוואַרצע וואָלקנס רוקן זיך אָן אויף אונדזערע אַלטע היימען, מיט אַן אומזיכערן מאָרגן שרעקט דאָרט. איצט האָבן מיר דאָ אונדזער נייע היים, מיט מזל זאָל זי אונדז זיין. דאָ וועלן מיר בויען, דאָ פּלאַנצן. און דער עיקר ניט פאַרגעסן, ניט פאַרנאַכלעסיקן אונדזערס, נאָר שטאָלץ שפּאַנען אויף אונדזער וועג.

— הוראַ ! ! !

— חבר איציק וועט זיין אונדזער פּאָרזיצער!

— חבר זילבערמאַן — סעקרעטאַר!

— ניין! זיי שמעקן מיט קוגל!

— עס געפעלט דיר ניט יונגערמאַן? הלוואי האָב איך איצט פאַר מיר א היימישן פּאַלומעסיק מיט א לאָקשענעם קוגל!

— הברים לאָמיר זינגען התקוה!

— דעם אינטערנאַציאָנאַל!

— זינגט ביידע ניגונים און אַן עק זאָל עס נעמען!

האָפענונגספולע געזאַנגען האָבן ווי כוואַליעס זיך צעגאָסן איבערן סאַלאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליבער טאַטע! דער לעצטער גאַנצפֿרי און ס׳געזעגענען זיך מיט דיר וועט שטענדיק שיינען פֿאַר מיינע אויגן. אזוי אָסיענדיק טרויעריק איז דאָס בילד, ווי אָסיענדיק טרויעריק ס׳איז געווען יענער פרימאָרגן ביים ווערדל. האָסט מיך ארומגענומען, געהאַלדזט, באַנעצט מיט טרערן וואָס וועלן קיינמאָל ניט פאַרטרוקנט ווערן, און שטענדיק וואַרעמען מיין פּנים. האָסט מיר גאַרנישט געזאָגט, נאָר אין דיינע אויגן האָב איך געלייענט פאַטערלעכע ברכות, האַרציק תפילה׳דיקע, וואָס זאָלן מיך באַגלייטן אין ווייטן וואַנדער־וועג. דעמאָלט האָב איך ערשט דערזען פרישע זילבערנע האָר אין דיין הדרותדיקער באָרד און קנייטשן וואָס האָבן עלטער געמאַכט דיין פּנים. אין ווייסע נעכט אויף ים־וואַסערן האָב איך אויסגעכליפּעט מיין בענקעניש נאָך דיר, נאָך דער אמאָליקער פרידלעכער היים, נאָך חברים, נאָך די שמאָלע סטעזשקעלעך און ברייטע בעסאַראַביער שליאַכן, וואָס טובלען זיך צווישן ימים ווייץ און קאָרנפעלדער, נאָך אונדזער ווערדל ביים שטעטל, סטאַדעס שאָף אויף די גרינע טאָליקעס, וואָס הערן מעלהגירה׳דיק אויס „טשובאַנס״ אויסגעשפּילטע דוינע אויף פלויער.

איך בין אָנגעקומען אויף נייער ערד. כאָטש די זון ברענט דאָ און דער גוף באָדט זיך אין ריטשקעס שוויים, פּרנסה אויסצואַרבעטן, האָט דאָך קיינמאָל נישט אזוי ווי איצט מיין האַרץ אזוי זיך דערוואַרעמט. עס איז נאָך בתולה׳דיק די ערד פון דעם גרויסן לאַנד, אזוי ווי ניי בתולה׳דיק כ׳איז דאָס פאָלק וואָס באַוווינט עס. עס לעבט, עס ליידט און באַזינגט היים־בלוטיק מיט ליבע, דאָס לעבן. און פון וואָלפישן האָס ווייסט עס נאָכנישט. ס׳איז ליבע דאָ גענוג פאַראַן צו אייגענעם און ניי־געקומענעם. דאָך פיל איך אז עפּעס באַאומרואיקט מיין געוויסן. איז עס ניט די מורא, אז די תורות וואָס איך האָב יאָרנלאַנג איינגעזאַפּט אין זיך, די אַלע חלומות וואָס האָבן זיך איינגענעסטעט אין מיין האַרצן, זאָלן מיטאַמאָל מיך פאַרלאָזן, און ווי פייגל זיך צעפליען?

ווייל געזען האָב איך צווישן מיינע באַקאַנטע יידן דאָ, טרוימערס אַמאָליקע, און גאָטעניו מיינער, ווי אַנדערש זיי זיינען איצט!

וועט דאָס זעלביקע אויך מיט מיר געשעען? ניין! קעמפן? — אודאי, ס'איז כדאי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז איצט די נאַכט א הייסע. דורכן פענצטער ליבן זיך מיט מיר פון גרויסן מאַנגאָ בוים, זיינע זאַפטיקע, גאָלד-קאָלירטע פירות, צו מענטשנהערצער ענלעך. און איך דערצייל זיי: אַז גרויס זיינען די בענקע־נישן מיינע, ווי גרויס ס'איז די נייע היים, וועמענס ברעגן דער אַטלאַנטיק־ר'יז קושט אייביק.



סעניאָר ברייטמאַנען האָט מען פיינט געהאַט. ווייל ווער פון דער יידישער קאָלאָניע איז שוין ניט געוועזן א „גרינער" און מיט געבויגענעם קאָפּ, זיך געגוויטיקט אין זיינעם א קרעדיט?

אַזוי פלעגט זיך אויפפירן ברייטמאַן מיט יעדן גרינעם: זיצנדיק ביי זיין שרייבטיש פלעגט ער יעדן אַהער ניי־אָנגעקומענעם צוערשט אויס־שטרעקן א פעטע, באהאָריקטע האַנט און נאָכדעם וואָס ער האָט צורעכט געמאַכט זיין זיידן העמד, האָט ער אָנגעטאָן מעשה נגיד א גאָלדענע פּענסנע. די ציטערנדיקע פּענסנע אויף זיין ברייטער נאָז, האָט ער ניט באַנוצט אוים קורצזיכטיקייט, נאָר סתם אַזוי. ווייל ערשטנס: פּאַסטן זיך א פּאָר ברילן פאר זיינע אריינגעוואַקסענע אייגעלעך אינעם בלוטפולן פּנים. צווייטנס, האָט ער דערמיט געגעבן אָנצוהערן דעם גרינעם: אז מסחר איז אן „איידעלע מאַטעריע" און קרעדיט א פּעקל סחורה, איז גאָר א חשובער ענין. אינצווישן האָבן זיינע קליינע אייגעלעך אָנגעהויבן מבינות־דיק אָפּצומעסטן דעם „גרינעם" פונעם קאָפּ ביז צו די פיס:

— שוין לאַנג דאָ אין לאַנד, גרינער?

און אַז דער גרינער האָט באַלד פּינקטלעך געענטפערט, האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט מיט זיין אויספאָרשן:

— ביי עמעצן שוין געאַרבעט? — און די ערשטע לעקציע האָט זיך אָנגעהויבן — פאַרשטייט איר מיך גרינער, כ'קאָן אייך קיין „פּעקל" ניט געבן. איר ווייסט דאָך נאָך נישט וואָס אַזוינס בראַזיל איז. אַרבעטן קליענ־טעלע דאַרף מען קענען. א גרינער וואָס אַרבעט ניט פון זיבן אינדערפרי ביזקל זיבן פאַרנאַכט טויג ניט. אַרבעטן קליענטעלע מיינט: אהיימקומען פאַרנאַכט מיט מאַזאָליעס אויף די הענט פון אַזויפל „קלאַפּן". די ערשטע צייט געוויינלעך „ווענדעדאָרסטווע". אָפּגעאַרבעט אַזוי אַרומעט א יאָר־צייט און אָפּגעשפּאָרט א פּאָר קאָנטעס, דענצמאָלט קומט צו מיר גרינער. א פּעקל? מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, אָבער אַזויאַ־אָ?

ערגער פון אַלעמען האָט ביי אים אָפּגעשניטן א קליענטעלטשיק א יורד. און יענער וואָס האָט זיך „פּאַרדרייט" איבער א קראַנקהייט, אָדער סתם אזוי, ווייל זיינע געשעפטן זיינען געגאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ, האָט געמוזט אויסשטיין רדיפות מיט פּראָטעסטירטע וועקסלען, געמוזט אויסהערן כלערליי זידלערייען, זיך ריכטן אויף א ליאַדע טאָג, ווען פּאָליציי וועט מיט געוואַלד ארויסטראָגן דאָס מעבל פון שטוב.

און יידן,ביים צונויפקומען־זיך אין די פּאַרנאַכטן, אין קאַפּע־הויז, האָבן אָפּטמאָל אין זייערע געשפּרעכן „אויסגעפּוצט" דעם סוחר ברייטמאַן:

— וואָס איז ער דען געווען? א פּשוטער בעקער־יונג דאָרט אין דער היים, וואָס האָט „געפּעכנעט" אויפן פּיסק.

— זיין טאַטע — קאָמענטירט א צווייטער — איז געווען א פּאַרבמאַרקעטער ייד, מיט א פּאַרקלייסטערטער באָרד. איז שטענדיק ארומבעגאַנגען א פּאַר'דאגהטער מיט אן אָנגעבויגענער פּלייצע, אונטער א שווערער משא פון זעקם דערוואַקסענע מוידן.

— ער אליין — דערציילט זיינער א בן־עיר — האָט געטראָגן אַלע אינדערפרי צוויי אָנגעפּולטע קאָשיקעס מיט בייגל און געשריען מיט אן אויסגעצויגן קולכל: „איי־ערי־קע ביי־יי־גל עו־ו־לם!

— און ס'איז טאָקע א סברה — כאַפּט אונטער אַן אַנדערער — אַז ער וואָס האָט ביז זיבעצן יאָר געטראָגן א פּאַרך, זיך געהנדלט צו דינסטן, האָט אויכעט געשמט פאר א גרויסן „לאַטכען" פון הינער און גענדז... איז אָט דער פּאַרשוין אַוועק קיין אַרגענטינע צוערשט, א סך צייט דאָרט זיך ניט פּאַרזאַמט, עמעצן דאָרט „דערציילט די מעשה" היפּשלעך, היפּשלעך — אַנטלאָפן אַהער און איז א נגיד. אַמעריקע גנב!

* *

*

סעניאָר ברייטמאַן שפּאַנט שטאָלץ איבער די גרויסשטאָטישע גאַסן. אין די אינדערפריען זעט מען אים אין א בליאַסקענדיקן ווייסן ליינענעם אָנצוג, אן עכטן פּאַנאַמאַ־הוט, א ביסל איבער די אויגן אַראָפּגערוקט. ער ווישט אַלעמאָל זיין באַשווייסטן פּנים מיט א פּערפומירט פּאַטשיילעכל און

קנעפּלט אויף זיין רעקל. אפשר צעשפּיליעט ער זיין רעקל צוליב דעם, כדי צו באַווייזן א גראָבע גאָלדענע קייט וואָס הענגט אראָפּ פון זיין אויבערשטער הויזן-קעשענע, מיט א גאָלדן פּיין-אויסגעאַרבעטן לעמעלע אין בריליאַנטן געפאַסט. און גייענדיק אזוי אינדערפרי אין געשעפט אריין הוסטלט ער צו מיט א נגידישן הוסטעלע, גלייך ווי דערמיט גיט ער אָנ־צוהערן צו די אַלע שטייענדיקע יידן ביים קאַפע-הויז, אַז אחוץ א גרויסן הורט-געשעפט, פאַרמאָגט ער אן „אַווענידאַלע" מיט פיר-שטאָקיקע היי־זער. אז ניט אין זייער זכות לעבט ער. און וויל ער נאָר, פּייפט ער אויף זיי אַלע, און ענדיקט מיט זיין הורט-געשעפט. און טאָקע להכעיס די יידע־לעך ווינט ער אין א רואיקער גבירישער גאַס. קיינער „קוקט" אים ניט אויף, און קיינער באַקרעכצט אים ניט דאָרטן. טאָקע דאָרטן אין די פאַר־טאָגן, אויפן צווייטן שטאָק, אין א זיידענער פּידזשאַמע, וויגט ער זיך אויף א וויג-שטול, געקוויקט פון א פרישינקן ווינטעלע, גענעצט באַישובט אריין אין דער גבירישער פאַרשלאָפענער גאַס. יעדן גענעץ פון ברייט צעעפענטן מויל פאַרשטאָפּט ער מיט זיין פעטער האַנט. שפּעטער צו צעדרינדזשען זיך הייזעריקע פּיאַנאָ-טענער. דאָס זיינען פּיאַנאָ-איבונגען. געוויינטלעך בענקט זיך ברייטמאַנען איצט נאָך עפּעס א „פּריילעכס", וואָס זאָל אַזש א ברי טאָן און ניט לאָזן איינזיצן. נאָר אַז זיין בת-יחידה שפּילט עס פון א „גראָבן" בוך, און זאָגט אז ס'איז נאָטן, איז עס מסתמא טאָקע עפּעס גוטס.

ביים לעצטן גענעץ טאָן, שרייט ער אויס:

— מאַריאַ! קאַפע!

ווייל די זון וואַרעמט שוין גוט און פּונקט נאָכן אויסטרינקען די קאַ־פע, קלינגט דער זייגער אוים אכט. און אכט מיט פּופצן דאַרף מען דעם ווייב א קוש טאָן אין איין באַק, דערנאָך — אין דער צווייטער, אזוי אויך דער טעכטערל און זיך לאָזן אין געשעפט אריין.

* *

*

מאַדאַם ברייטמאַן איז שטענדיק אָנגעכמורעט. אירע ענג-צענויפגע־פּרעסטע ליפּן קאַפּריזעווען מיט א פאַרביסענער שטילקייט, אזוי ווי די

פאַרביסענע שטילקייט פון איר רייך אויסמעבלירט הויז. דאָ אין שטוב איז אַלצדינג ברוגז. אַפילו די מהיכא־תיתה׳דיקע שפּרייזנדיקע קאַץ וואָס מיאַוקעט זייער זעלטן. אַפּטמאָל דוכט זיך אַז דאָס שטילשווייגן וועט אייך ניט לאַנג זיך איינהאַלטן און מיט איינמאָל אויף געוואַלד אַרויסשיסן מיט אַ געשריי. אָבער דאָס וועט ניט געשען, ווייל עס... פּאַסט ניט. און מאַ־דאַם ברייטמאַן די שטענדיק אָנגעבלאָזענע וועט באַגעגענען איר מאַן סיי אין די גאַנצפריען סיי אין די בייטאָגן אַנדערש, אַנדערש... איר לענג־לעך ראָזעווע פּנים, מיטן פאַרשלאָסענעם מויל, וועט דעמאָלט פאַרטרייבן אַלע קאַפּריזן און זיך סטאַרען צו באַקליידן מיט אַ סאַמעטן שמייכעלע. זיי רעדן צווישן זיך פּאָרטוגעזיש, אויסגעמישט מיט מאַמע־יידיש:

— אַדאָלפאָ באָם דיאַ! — קווישעט זי אויס מיט אַ דין קולכל.

— מויטאָ באָם דיאַ טערעזיניאַ — ענטפערט ער צופרידן — קאָמאָ פּאַסאָ די נאַכט?

— אָבריגאַדאַ, זייער גוט.

ברייטמאַן פאַרקוקט זיך דערווייל מבינותדיק אויף איר ראָזעווען ניט־געפּודערטן פּנים און דערפילט ווי עפּעס הייבט אים אָן צו „מלויען" אויפן האַרצן. מיט איר גאַנצן חנדלען זיך, דוכט זיך אים, אַז איר פּנים ווערט טאָג־טעגלעך עפּעס מענערישער, לענגער. „אַ מאַן — לאַכט עפּעס גאַליק ביטער אין אים — אַ מאַן, ס׳פעלט נאָר אַ בלאָנד בערדעלע... כאָטש ס׳ווילט זיך זייער די „געדאַנקעלעך" אַרויסטרייבן פון קאָפּ, ווייל סוף כל סוף איז זי דאָך זיין פרוי. און ווי אַזוי ער זאָל זיך ניט סטאַרען דאָס צו טאָן, צווינגט אים עפּעס אַ ניט גוטער צו דערמאָנען זיך אין אַ פּאָר רייצנדיקע בראַזיליאַנערינס, וואָס וואָלטן זיך אַפילו איצט פון אים ניט אָפּגעטרייסלט צוליב... זיינע „פּעזימטן". איינע איז טונקעלער פאַר דער צווייטער. דערפאַר אָבער צוציעוודיקער, הייסער. ווען זי רעדט טענצלט זי צו, און איר שמייכלען פאַרברענט ממש. אָט אַזאַ טעקעלע באַשטימט מען פאַר אַ קאַסירערין מיט אַ גוטן געהאַלט, און...

— אָטע לאָגאָ, ביזן אָנבייסן טערעזיניאַ.

— אַדאָלפאָ, פאַרגעס נישט: מעיאַ־דיאַ! פּינקטלעך צום אַלמאָסאָ.

און ווידעראמאל פארטרייבט דאס שטענדיק ברוגז זיין, ס׳שמייכע־לע פון פנים. איר דארע נאז קנייטשט זיך, גלייך ווי פאר איר וואלטן גע־זעסן א פאר יידישע פרויען, איינלאדנדיק זי אויף אן אונטערנעמונג צוליב געזעלשאפטלעכע צוועקן. און זי טרייסלט זיך אפ פון דער איינלא־דונג.

— „נא, נא, איך האלט ניט פון דער יידישער סאסיעדאדע און ניט מיין קינד”. מאריא, — קאמאנדעוועט זי מיט דער דינסט, אן אלטע מו־לאטן — גיב דעם הונט א באד, ער קראצט זיך שוין ווידער”. אדער: „גיב עסן די קאנאריקלעך, גיס אן אין שעלעכל וואסער פאר זיי”. צופאנפענדיק בשעת מעשה, אינגאנצן אויפגערעגט אויף דער דינסט, ווארטשעט זי שטיל — „אזא פוילע מאלפע” . . .

* *

*

די פאמיליע ברייטמאן האט מען פיינט געהאט. אומגעריכט האט מען זיך דערלעבט א נקמה אין זיי. די נקמה איז געווען סעסיליא, זייער בת־יחידה... די יידישע בחורים האבן זי מיט א צונאמען געקרוינט: „די נאכט” — אזוי רופט מען זי, ווייל ווי זיי זאגן, איז זי מיאוס ווי א הארבסט־נאכט.

סעסיליא באזיצט ניט דעם טאטנס פעטקייט, ניט דער מאמעס ראזע־ווע פנים. אבער דער רוגז וואס דערשיינט אויף איר באפרישטשעטן, בלייכן פנימל, ביים באגעגענען זיך מיט א יידישן בחור, איז זיכער דער מאמעס ירושה. לויט איר מיינונג, שטינקען זיי אלע די יידישע בחורים. דער ערגסטער בראזיליאנער איז סימפאטישער פאר זיי. פונקט אזוי ווי אירע עלטערן, באזוכט זי ניט די יידישע „סאסיעדאדע”.

און כאטש שוין אכצניעריק, איז זי מיט איר מאגערקייט און קליינ־וווּקס, ענלעך צו א צוועלף־יעריק מיידעלע. און עס וואלט קיין עוולה ניט געווען, ווען איר מוטער קליידט זי מיט קינדערשע קליידעלעך און קינ־דערישע שיכעלעך מיט האלבע זעקעלעך. טאקע ווען ניט די בריליאנטע־נע אויערינגלעך, ס׳גאלדן זייגערל, וואלט מען זי זיכער פארעכנט פאר אן ארעם מיידעלע.

בריטמאַן האָט שוין א „טראַכט" געטאָן וועגן איר. ער האָט זיך „פאַרקוקט" אויף אַן אָרעמען יידישן סטודענט, א צוקונפטיקן דאָקטאָר. האָט זיך יענער, אָבער, פון שמאַלצגרוב אָפּגעטרייסלט. עס פאַרדריסט אים: „אַזאַ שלעפּער, ער וויל ניט! טאַקע אין דער אמתן, וואָס וואָלט אים דערנאָך געפעלט? ווילסט אַן אייגענעם קאַבינעט? נאַ דיר. ווילט איר קינדער א לוסטרייזע מאַכן ערגעצווו, פאַרוואָס ניט?"

דאָנאַ טערעזאַ טראַכט אויך דאָסזעלביקע. איר פאַרדריסט אויך אָט די געשיכטע מיט יענעם לייזיקן.

און סעסיליאַ ווערט אומגעדולדיק אין די פאַרנאַכטן. זי טראַכט: באַלד וועט טונקעלער ווערן. אין א ראָג פון דער גאַס וועט זיך באַווייזן איר „נאַמאָראַדאָ" זשאָאַנזיניאָ. פונווייטנס וועט מען זיך דורכשמועסן מיט האַנט-באַוועגונגען, צייכנס אַזעלכע און דערמיט וועט זי אים לאָזן וויסן: אַז דערווייל איז נאָך צו-פרי. שפּעטער, ווען דאָס עלעקטרישע ליכט אין זייער הויז וועט אויסגעלאָשן ווערן, מעג ער זיך דערנענטערן. זי וועט זיך פאַרזיכטיק ארויסגנבענען צו אים. אינעם פינצטערן קאָרידאָר אריין, וועט זי מיטברענגען א פאַרפלאַמט פנימל און הענט וואָס ציטערן ווען זיי ווערן פון זיינע געדריקט. זי וועט גלעטן זיין שיין פאַרקעמטן שרונט, זיי-נע וואָנצעלעך. מיט נאָז צו נאָז, מויל צו מויל, וועט זי אים באַרואיקן, ווי שטענדיק:

— געדולד... מיין טייערער, דערווייל קען איך ניט...

— אָבער סעסיליאַ — וועט ער סענטימענטאַל זיך ברוגזן — אַזוי שווער דאָס וואַרטן...

— זשאָאַנזיניאָ — וועט זי אים צערטלען — געדולד... נאָך א וואָך, נאָך א וואָך...

* *

*

אין איינעם א פרימאָרגן, האָבן די בריטמאַנס זייער סעסיליאָן אין איר צימער ניט געטראָפן. קליידלעך, שיכלעך, זאָקן אין אומאָרדענונג אויסגע-מישט מיט קישעלעך און ליילעכער אויף דער פּאָל האָבן דערציילט סע-סיליאַס נערוועזיש איילן זיך, ערב איר אַנטלויפן.

ברייטמאַנען האָט עפּעס געבאָמבלט אין קאָפּ א גנביש זשומענדי־קער אויטאָ, וואָס האָט ערב באַגינען, צוגערויבט זיין שלאָף. הייסט עס... אז אין אָט יענעם אויטאָ איז געזעסן „ער", יענער אומבאַקאַנטער, וואָס האָט פון אים אַוועקגערויבט ס'בעסטע און דאָס נאָענטסטע. הייסט עס... געקומען א פרעמדער „הונט" און צוגענומען דאָס טייערסטע, צוליב וועלכן ר'האָט יאָרנלאַנג געהאָרעוועט.

ריטשקעס שוויים האָבן זיך צערונען איבער זיין גוף. און מיט איין מאָל האָט אים אָנגעהויבן באַנג טאָן, אויף זיינע אַלע שווער פאַרהאָרעוועטע יאָרן. נמאס געוואָרן איז אים איצט זיין כליפּנדיקע טערעזיניא, מיט איר טרערן־פאַרנעצטן, כמו מענערישן פּנים; פונקט אזוי זיינען אים נמאס געוואָרן זיינע פירשטאָקיקע הייזער אין „אַוועני דאַלע". פיס און הענט האָבן פון אויפגערעגטקייט געציטערט. ס'האָט זיך אים איצט געגלוסט צו־לויפן צו זיין טערעזאַן, איר דערלאַנגען א פּאָר הילכיקע פּעטש אי־בערן פּנים און טרייבנדיק זי פון זיך שרייען: „גיי דיר! ביסט מיר נמאס!"

---

אָבער ברייטמאַן האָט עס ניט געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט אַז טערעזאַ איז זיין פרוי; אַז ער איז שוין אַריבער די פערציקער. היינט פּאַסט עס ניט פאַר דער גאַס, פאַר מענטשן. כאָטש טיף אין הארצן האָט ער, וויינענדיק, געשאָלטן אָט די גבירישע גאַס, וואָס איז אים מיטאמאָל אזוי פרעמד געוואָרן...



— וואָס איז געשען? האָ?

— איר ווייסט ניט? סעניאָר קליגער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד!

א רעדל מיט מענטשן האָט זיך געקהלט. א ייד, אויסרויכערנדיק דאָס לעצטע שטיקל ציגאַר, און אויסבלאָזנדיק ווי פון א קוימען א וואָלקנדל רויך, האָט א פאַרזאָרגטער א קנייטש געטאָן מיטן שטערן: נאַ... אָפּגעמאָן א שטיקל אַרבעט, אָפּגעלעבט א קלוגער א גאַנץ לעבן און לסוף זיך באַנאַרישט.

א צווייטער האָט קאָמענטירט: איי, איי, אמאָליקע יאָרן אז א ייד פון זיין שניט איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, האָט דאָס שטעטל דאָרט זיך געוויגט פון איין עק ביזן צווייטן. מ׳האָט באַדויערט, געזוכט צו דערגרונטעווען דעם „פאַרוואָס". ס׳טייטש, א ייד, א פאַרמעגלעכער, און אויפן שכל האָט ער דאָך אויכעט ניט געקרענקט, א קלוגער געווען — ביי די לעצטע ווערטער האָט דער יונגערמאַן א ביסל צוגעפּאָנפּעט — כ׳לעבן היינטצוטאָג מאַכט עס זייער א קנאַפּן איינדרוק, עפּעס ס׳רירט ניט. און, ווייזט אויס, חרטה־האָבנדיק אויף די לעצטע פּאָר ווערטער: — מיינע רייד זאָלן אים ניט שווער זיין...

מיך אָבער האָט עס יאָ גערירט. כאָטש דעם אמת רעדנדיק, איז היינטצוטאָג פאַראַן געגנוג וואָס, און אויך וועמען צו באַדויערן, און ניט אויפגעציטערט ווערן מיטן טויט פון א 62־יעריקן מאַן, וואָס האָט געהאַט פּרעטענזיעס צום לעבן.

אָבער, ס׳ליגט א מענטש פאַר דיינע אויגן, א פאַרגליווערטער, אומבאַוועגלעך, מיט וועלכן האָסט זיך ערשט נאָר־וואָס באַגעגנט!

ערשט היינט אינדערפרי, האָט ער מיך באַגעגנט מיט זיין קוים צעקנייטשטן פּנים, מיט די געציילטע גרויע הערעלעך אויפן קאָפּ און מיטן

שטענדיקן שמייכל. ס׳איז געווען דאָס אַלט באַקאַנטע שמייכעלע, וואָס האָט זיך אויף זיין פּנים צעגאָסן, ווען ער מעשה גוטער פריינט, פלעגט מיט מיר איינטענהן זייער אָפט.

— זייט געזונט, האָט ער צו מיר אויסגעשטרעקט א האַנט.

— וווּהין די רייזע, הער קליגער?

און טאַקע שפּעטער־צו, אין רווישנדיקן קאַפע־הויז, ביים זופּן א קאַווועלע, האָט ער מיר דערקלערט געלאַסן, מיט ישוב הדעת:

— און איר גלויבט, אז א רייזע דאַרף זיין א ווייטע, אום צו דאַרפן זיך געזעגענען? זעט איר, אין דעם הינזיכט, בין איך אַלטמאָדיש. מיין פאָטער ע״ה ערב א רייזע, האָט זיך אויכעט געזעגנט.

פיל סורפּריזן ברענגט אונדז אָפט דאָס לעבן, א שטייגער: אָט גייסטו מיטן געדאַנק אריבערצושפּאַנען אויף דער צווייטער זייט גאַס, נאָר אריבערצושפּאַנען, יאָגט אָן פּלוצים מלאך־המות׳דיק אן אויטאָ, און טראַך... אוים... ביסט טויט. אָדער: פאָרסט אין דער באַן, לייענסט דיר בנעימות־דיק א צייטונג, און אומגעריכט געשעט א קאַטאַסטראָפע. א חלום, א נעכטיקער טאָג, ביסט שוין ניט קיין היגער...

אין אונדזערע צייטן יאָגט אַלץ מיט א שנעלן טעמפּאָ, אפילו דער טויט. אמאָליקע יאָרן איז אַלץ געפלאָסן לאַנגזאַם, צייט האָט געסטייעט, היינט — ניט... און א קוק טוענדיק אויף דעם גאַנץ־פריעדיקן לויטערן הימל, ווּ א פּאָר כמאַרעלעך האָבן שפּאַצירט לאַנגזאַם, האָט ס׳פּנים זיינס ווייטיקדיק זיך צעקנייטשט. ס׳האָט דערמאָנט אין איינעם, וואָס מוז בעל־כרחה׳דיק מיט עפּעס און עמעצן זיך געזעגענען.

— ווי אזוי מיינט איר, ס׳עט היינט רעגענען?

— וואָס־זשע, ס׳פעלט אייך נויטיק דער רעגן?

— גאָרנישט... א מענטש איז נייגעריק...

דער טאָג איז בפירוש געווען א שיינער, א טראָפּיש ערב־זומערדיקער, ווען די זון צערטלט נאָך מאַמע מילד. און קוקנדיק אויף די ווייסע לויטערע הימלראַנדן, האָט זיך צעוואַקסן דער חשק צום לעבן, און טאַקע

דערווייל זיך פאַרגעסן אין דער אומעטיקערווירקלעכקייט, אין די שרעק־לעכע מלחמה־נייעסן.

און דאָ...

הער קליגער איז ווי א רואיקער געזעסן אויפן בענקל גלייך ווי דרעמ־לענדיק. דער קאָפּ אויפן טיש צוגעשפּאַרט, ס׳פּנים געל, איין העלפט איינ־געטונקען אין א ריטשקעלע בלוט, ווו ס׳איז אויך געלעגן א רעוואָלווער. ס׳העמד שניי ווייס, דער קאַלנער האַרט געפּרעסט, בלישטשנדיק, דער שניפּס אויסגעבונדן מיט געשמאַק.

פון זשילעט קעשענע איז ווייזט אוים ארויסגעפאַלן, און געהאַנגען אין דער לופטן, א גאָלדענער „פּאַטעק־פיליפּ״ זייגער, מיט זיין מילכוויי־סער ציפערבלאַט, וואָס האָט אויף וויטער געציילט די שעהן פון לעבן.

מסתמא, אזוי זיצנדיק האָט סעניאָר קליגער גלייכגילטיק אויסגע־רעכנט די לעצטע מינוטן, אפילו סעקונדן פון לעבן. מעגלעך טאָקע אזוי געקוקט אויף דעם שנעלן וואַלסירן פון קליינעם סעקונדע־ווייזער און אויף דעם נודנעם און פוילן באַוועגן־זיך פון גרויסן שעה׳ן ווייזער, דערוואַרטנ־דיק דעם מאָמענט, ווען א צי ביים צינגל פון אָט דעם ניקעלנעם רעוואָל־ווער, צוגעשטעלט צום שלייף, וועט מיט אַלץ פאַרענדיקן.

איין אויג האַלב אָפן, האָט ווי ווינקנדיק געקוקט. ס׳האָט מיך דער־מאָנט אין יענעם גאַנץ פריעדיקן בליק, ביים קוקן אויפן הימל.

א מאָדנעם חשק האָב איך געהאַט אים צו פרעגן:

—נו, הער קליגער, ווי אזוי מיינט איר, ס׳עט טאָקע רעגענען?...

---

פאַרביי א טאָג. איך האָב באַקומען א בריוו, און געשריבן איז גע־ווען אָט דער בריוו מיט א קיילעכדיקן פערלדיקן כתב־יד. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן דער מינדסטער חשד, אַז דאָס האָט געשריבן א מענטש אין די לעצטע פּאָר שעה פון זיין לעבן, ערב זעלבסטמאָרד.

גאָרנישט, ס׳הייסט סתם אזוי, ערב גיין שלאָפן, האָט זיך הער קלי־גערן פאַרגלוסט אָנצושרייבן א פּאָר ווערטער צו זיינעם א פריינט, וועגן עפּעס מיטטיילן, אָט אַזעלכעס וואָס זאָל פאַר א צווייטן זיין א סוד.

אזוי לייענט זיך דער בריוו:

— „ליבער יונגער פריינט מיינער. דעם מכתב שרייב איך ניין מיט א פערטל אינדערפרי, פונקט צוויי מיט א פערטל שעה פארן טויט (איר רופט עס מסתמא אומבאקוועמלעכקייט). מיין ווונטש איז, אז די פאר ווערטער זאלט איר איבערלייענען נאך אלעמען. ווייל, וואס א שטייגער וואלט געשען, ווען היינט אינדערפרי ביים טרינקען א קאווע, וואלט איך אייך דערציילט אלין וואס איך דענק צו טאן מיט מיין בידנעם רעשט לעבן? איר וואלט מיר זיכער אויסגעלאכט, ניט אזוי? אן אלטער שוטה, וואלט איר געטראכט. איר וואלט מיר דערקלערט מסתמא, אז איצט איז ניט די פאסיקע צייט צו טראכטן אפילו וועגן אזעלכע שטותים, ווען א וועלט און אונדזער פאלק ווערט פארניכטעט אין בלוט, אין פייער און פלאמען.

טאקע דעריבער, האב איך עס געפונען פאר נויטיק צו טאן. איך בין דוכט זיך לעצטנס, געווען צו פיל פארטאן מיט זיך זעלבסט, און דאס קאן ווייניק וואס פאראינטערעסירן א זייטיקן. כאטש ס׳ווילט זיך שטענדיק, אז עמעץ זאל אייך אויסהערן, טרייסטן מיט א גוטער עצה. דאס איז אבער ניט געשען מיט מיר.

פריינט מיינער, דעם אמת געזאגט (איצט מעג איך דעם אמת דער־ציילן), האב איך די לעצטע צייט אנגעהויבן א ביסל אונטערצוהינקען אויף מיין שכל. כ׳האב אפילו אפטמאל ארויסגערעדט אזעלכעס וואס האט זיך ניט צוגעפאסט ביי א שמועס מיט עמעצן, אדער ארייגעשאסן מיינע מיינונגען, וואס לוינט זיך גארנישט אויסצודריקן. כ׳האב אנגעהויבן זיך צו שעמען פאר זיך אליין. אבער לײדער (אזוי האט זיך מיר געדוכט) זיך נים געקאנט קאנטראלירן, און דאס האט מיך שרעקלעך געשראקן. כ׳האב אנגעהויבן פראווען התבודדות. ס׳טייטש: באהיט גאט מיט אן איבעריק וואָרט געשטרויכלט צו ווערן, פאר מיינע אייגענע קינדער אפילו, און כ׳באקום שוין א טיטול: עובר־בטל.

אט אזעלכע געדאנקען האבן געגרווילט מיין לייב. כ׳האב זיך שוין געזען אין געשטאלט פון מיין 90־יעריקן זיידן ע״ה, מיט וועלכן מיר די אייניקלעך, פלעגן זיך שפילן, אים אויסלאכן, חוזק מאכן, ציען ביי דער קאפאטע, באהאלטן זיין יארמולקע.

יאָ, כ׳האָב אָנגעהויבן גלויבן, אַז איך דער זקן, בין שוין דערגאַנגען צו אָט דער „באַרימטער" לעבנס־גרענעץ, ווען אַלץ איז כמורנע, טונקל־גרוי, מיט אַ געדיכטער מראַקע אויף דער נשמה. ווען צום לעבן הויבסטו זיך אָן צו באַציען גלייכגילטיק, אייז־קאַלט, און אַלץ זעט אויס אַזוי בלאַס, אָן חן־גריבעלעך, אָן רייץ און טעם.

ניין, למעה״ש, קיינער טאָר דערפון ניט וויסן, נאָר איך. ס׳איז איבע־ריק מיין עקזיסטענץ דאָ, קיינער נויטיקט זיך ניט אין מיר. און... ס׳איז טאַקע ניט די פּאַסנדיקע צייט פאַר אַן אַלטן טויגעניכטס זיך אַרומצודרייען, פאַרנעמען אַ פּלאַץ, עסן פון אָט־דעם ברויט וואָס אַ צווייטער, אַ בילכע־רער פאַר מיר דאַרף עסן, און איז הונגעריק...

אָט די דאָזיקע זיינען די מאָטיוון וואָס... איר פאַרשטייט שוין אַליין.

עיקר שכחתי: כ׳האָב פאַר אייערטוועגן איבערגעלאָזן דעם „פּאַ־טעק" און אויך דעם רעוואָלווער"...

למאי זאָל איך זאָגן, כ׳האָב די ביידע זאַכן ניט גערירשנט, ניט דעם „פּאַטעק", ר׳זאָל מיך דערמאָנען אין די פּינקטלעך לעצטע אויסגעציילטע מינוטן פון מיין פריינטס לעבן, און ניט דעם רעוואָלווער.

ניין, ניין, — מוחל!...



ס'איז געשען נאָך קנאַפּע דרייסיק יאָר זיין אין בראַזיל.

פאַרבייגייענדיק א בלומענגעשעפט, האָט אייזיק דערזען אין שוי־פענצטער שניי־ווייסע לאַנדיש־בלימעלעך. זיך ניט אָנפרעגנדיק ביי קיינעם, איז ער גלייך געלאָפן צו זיי, ווי באַהערשט פון א מאָדנעם דורשט, געשמעקט צו זיי און איינגעאָטעמט זייער זיסן גערוך. א גוטער אַלטער וויין האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן קערפּער זיינעם. ער האָט זיך דערפילט מיטאַמאָל יינגער, קרעפטיקער, גלייך ווי דעמאָלט, ווען ס'וועלדל אין די קליינשטעטלדיקע שבתים האָט אים מכבד געווען מיט אָט די צאַרטע בלימעלעך. און פון דענסטמאָל האָט אן אומעט ווי א וואָלקנדל אים אָנגעהויבן באַהערשן. אייזיק האָט דערזען יעדן מענטשן בבחינת א פאַרבענקטן. מסתמא פּאַסירט עס מיט יעדן איינעם אזוי.

נאָך יאָרנלאַנג אָפּטומלען אין לעבנס הוהא, געשעט עס צופעליק דורך א פּאַסירונג, אָדער — א באַגעגעניש מיט עמעצן. און ס'הייבט אָן נאָגן האַרציק באַנג, א בענקשאַפט נאָך עפּעס אַזעלכעס וואָס קאָן שוין מער קיינמאָל ניט זיך צוריקקערן. אָבער ווי קאָן מען קילן דעם דורשט נאָך יענעם זיסן געטראַנק, און וועמען — דערציילן וועגן דעם?

אמת, ס'האָט בראַזיל אים באַגליקט: רייכטום, הייזער, א בכבודיק פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. און קינדער — וואָס קאָן נאָך זיין געראָטענער? איינער א דאָקטאָר, דער צווייטער אן אינזשיניער. דערציילט ער זיי עפּעס וועגן א קליין שטעטל אין בעסאַראַביע, וועגן בלומען וואָס שמעקן בעסער, אויבסטן זאַפטיקערע, און נאָך, און נאָך. הערט מען אים אויס געדולדיק, שמייכלענדיק, ווייזט אויס אויף יוצא־זיין פאַרן פאָטער, ווייל מסתמא פּאַרטיפּטע אין זייערע אייגענע וועלטן, אין זייערע אייגענע געדאַנקען.

— וואָס איז אייזיק — פרעגט זיין פרוי אים — ניט געזונט?

— ניין.

— צו וואָס־זשע אַזאַ אַראָפּגעלאָזטע נאָז? ס׳פעלט דיר עפּעס?

הפנים אַז מיט דעם „ס׳פעלט דיר עפּעס” זוכט זי אים אַ שטאָך צו טאָן. ס׳הייסט: אייזיקל, שוין פאַרגעסן, ווען דו אַ שוסטער־יונג ביי אַ טאַטן אַ שוסטער, דאַרט אין שטעטל ביים מיסטיקן יאַר, האָסט געפּעכנעט אויפן פּיסק, און געלאַטעט אַלטע שקראַבעס? און היינט דער אייביקער געשטאַנק פון נבלות, קעץ, הינט טויטע וואָס האָבן זייער לעצטע רו געפונען אין טשערעט גראָזן ביי יענעם קאַלעמוטנעם יאַר! און היינט דער אייביקער געזשום פון זלידנע פליגן, מאָסקיטן, וואָס האָבן טאָג און נאַכט געביסן, ניט געלאָזט רוען! נו, גיי דערצייל איר, אַז אין אָט דעם רחבות־דיקן אַפּאַרטאַמענט ביי דער סאַמע שענסטער אַטלאַנטיק פּראַיע פון בראַזיל, חלומט ער איצט מיט יענער אָרעמקייט. מיט נעכט אַזעלכע באַשטערנטע, באַ׳לבנה׳טע, רואיקע, באַזונגענע פון זשאַבעס כאָרן, פון פליענדיקע זשוקעס און אומעטיקן גרילנגרילץ צווישן גראָזן. אונטער ברייט צעצווייגטן אַקאַציע־בוים, האָט ער — אַ געזונטער שוסטער־יונג, — זיך אויסגעצויגן נאַזנדיק די הענט צוקאָפּנס, און געטראַכט, אַז דאָס לעבן איז גוט, און וואָלט נאָך אויסגעזען שענער ווען גאָלדעלע דעם שכנס מיידל זיצט איצט לעבן אים. אָך, געזונגען האָט זי שטענדיק אין די נעכט, לידער וועגן פאַלשע ליבעס, וועגן לעבן, טויט, — אַזעלכע אומעטיקע, וויינענדיקע, אַזוי ווי דאָס פאַרוויינטע מורמלען פון די אומריינע יאַר־וואַסערן, אַזוי ווי דאָס אומעטפולע זינגען פון דריבנעם רעגנדל אין אָסיענדיקע נעכט. אָך, ווי ליב געהאַט האָט ער די מויד! וויפל מאָל אין העט שפּעטע ביינאַכטן האָט ער זיך פאַרגנבעט הינטער איר פענצטער, כאָטש אַ קוק טאָן אויף איר דער שלאָפנדיקער. וויפל מאָל מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ ניט געוואַגט אַ קלאַפּ טאָן אין שייבעלע, זי צו רופן, זיצן לעבן איר, איינאָטעמען אין זיך איר וואַרעמען אָטעם. און די צייטן זיינען דעמאָלט שלעכט געוואָרן. די רומענער האָבן דעם אָרעמען ביסן פון מויל אָוועקגערויבט, געשלאָגן, געפּייניקט די האָפענונגסלאָזע יידן. דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו אַנטלויפן, אַנטלויפן ווייט. און ער אויכעט...

נו, גיי דערצייל איר אַז ערשט איצט האָט ער דערפילט ווי אָט דאָס אַלץ איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין האַרץ, אַז כדי צו באַפרייען זיך פון „דעם אַלעמען” וואָלט מען באַדאַרפט אויך ס׳האַרץ אַרויסרייסן. און זיין רעבעקאַ האָט גאָר קיין צייט ניט צו טראַכטן אַפילו, איז פאַרטאָן שטענ־

דיק מיט געזעלשאפטלעכע ארבעט און מאדעס, זוכנדיק צו באהאלטן אירע פופציק-יעריקע קנייטשעלעך און גרויע האר.

צוויי אייניקלעך פארמאגט אייזיק, יינגעלעך צוויי: האבן זיי פנימלעך ווייסינקע, קיילעכדיקע; אייגעלעך בלויע, גוטינקע, נאר ווי שטיקער האניק-לעקעך. מיט זיי האט זיידע אייזיק ליב איינצוטענהן. הערט מען אים אוים, פנימלעך זיינען דערביי ערנסטע, אויפמערקזאם, גלייך ווי מ'הערט אוים א מעשה'לע אין שולע. עפנט ער פאר זיי דעם אייז-קאסטן, און ווייזט אן אויף די רויטינקע פון פראסטיקער קעלט באהויכטע טאמאטן: איר זעט, זיי זיינען אזעלכע פאר'חלש'טע, כמעט גרינע. יענע ביי אונדז „דארטן", זיינען געווען רויטער. האסטו זיי געעפנט, אינעווייניק א ווייסער פראסט. אונדזערע עפל זיינען געווען זאפטיקע, ווייכערע, מ'האט צו זיי קיין ציין ניט געדארפט. סיפקע — האבן זיי זיך צעשיט אין מויל אזוי ווי א לעפעלע מעליין. ער וויל זיי אלץ דערציילן, כאטש מייסטנס פארשטייען ניט די קינדער דעם זיידנס צעקאליעטשעטן פארטוגעזיש רעדן, און אויך זיין יידיש רעדן. אפטמאל בלייבט מען זיצן מיט תמעוואטע פנימלעך, ווען דער זיידע דערציילט וועגן זיינע עלטערן, זיין שטעטעלע, זיין יוגנט.

— זיידע, וואס-אס א שטע-טל — פרעגן די קינדער — ווו איז א שטעטל?

בלייבט אייזיק שטיין ווי פארשטיינערט: כ'ווייס ניט ווו ס'איז דאס שטעטל קינדערלעך. דארט איז געווען א מלחמה, געווען דייטשן.

— דייטשן... — חזרן איבער די קינדער — דייטשן...

אין א זונטיק איז ער מיט זיי געפארן שפאצירן. דער געגנט א בארגיקער איינגעטונקען אין וואלדיקער גרינקייט, די לופט קיל, ריין, האט אויפגעמונטערט אייזיקן. אזוי שטיל געווען, אז מ'האט געקענט הערן דאס פאלן פון א פארטריקנט בלעטל אויף דער ערד. ניט ווייט האט געשריען א וואסער-פאל צווישן נאקעטע בערג שפאלטן, וואס האבן געשראקן מיט זייער טיף תהומיקער קויל שווארצקייט. א קאנאריקל האט זיך דא נאענט צעזונגען.

— זיידע, דארט אויך קאנאריקלעך דא?

— מיר האָבן סאָלאָווייטשיקעס. אַזאַ קליין פייגעלע צעזינגט זיך עס, גלייך ווי א פידל צעשפּילט זיך, טענער צעגיסן זיך איבערן גאַנצן וואַלד, איבער פעלדער.

— ווי אַזוי זינגט ער?

— המ... ווער קען אים נאָכזינגען?

— אפילו ניט קיין קאַנאַריקל?

— ניין...

און מיטאמאָל האָבן די אייניקלעך גענומען זיך טוליען צום זיידן, הענטלעך האָבן אים גענומען גלעטן, אייגעלעך, פּיסקעלעך — בעטן: זיי־דע מיר ווילן אזא שאָלאָווייקיטש... מיר ווילן אַזאַ פייגעלע...

אייזיק האָט זיך פאַרטראַכט. פאַרבענקטע זיפצן האָבן זיך געריסן פון זיין ברוסט ארויס. ער האָט דערפילט ווי עפּעס טייערס און וואַרעמס וואָס האָט לעצטנס זיך גענעסטעט אין זיין האַרץ, ווערט מיטאמאָל ווי א קליין איינזאַם וואָלקנדל צערונען, אוים.

זיינע אָנגעגאָסענע אויגן האָבן געקוקט צו די בלויע שטיקלעך הימל, וואָס שיינען דורך געדיכט־באַבלעטערטע ביימער. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיט נאַאיווע קינדישע בליקן. ציטערנדיק האָבן ליפּן שטיל, געציילט ווערטער: געווען דאָרט א מלחמה... דייטשן האָבן פאַרברענט דאָס שטעטעלע, פאַרברענט די וועלדער... זינגט ניט מער דאָרט דער סאָלאָווי... זינגען ניט מער דאָרט קיינע פייגעלעך...

— זינגען ניט מער די פייגעלעך — האָבן די קינדער שטיל תּפילה׳דיק נאָכגעזאָגט — — — —

זיידע און אייניקלעך האָבן מיטגעשוויגן מיט א פאַרטראַכטער שטיל־קייט, פון דער אַרומיקער באַוואַלדעטער געגנט.

אין רואיקן דאָרפישן קאַיאָר, האָט זיך נאָר געהערט דאָס זשומען און וואַרפן זיך פון סעניאָר ווייסמאַנס „פאָרדל" און די שטימע פון זיין מאָגער ווייבל:

— סאלאָמאָן, ווערסטו געדענקען? לענטעס גרינע, גאָלד-געלע, רויטע, רויטע א סך, און סעטין אלע פאַרבן, און סערפענטין, סטענגעס זילבערנע, גאָלדענע, שפריצפערפוס א סך, א סך, ס'איז ערב קאַרנאַוואַל... און ער אליין האָט טאַקע אויכעט ניט פאַרגעסן און מיטגענומען א פולן טייסטער מיט פינפהונדערטער, „קאָנטעס" האַרטע, וואָס האָט נגידיש בייכיק אַוועקגעשטאַרט פון זיין בוזים-קעשענע.

און איצט? — כ'לעבן ער פאַרשטייט ניט. אָט שטייט ער דאָ מיט א ברייט צעעפנט מויל, מיט אויגן פול חידוש, ווי פאַרטומלט. דער טעמפּל איז איינגעטונקען אין א ים מיט ליכט. די גרויסע קרישטאָלענע הענגלייכטער שפריצן מיט מיליאָנען ברילִיאַנטן-פונקען, אפילו די נאָכהענגענדיקע שטיקלעך קרישטאָל, טענצלען קלינגענדיק. און היינט, וויפל יידן, קיין בייז אויג! יידן מיט בערד, אָן בערד, ווייבער יונגע, אַלטע, בחורים און מיידלעך, אַלע יומטובדיק פאַרפּוצט און פנימער, נאָר ווי זונען צעשטראַלטע. מאַסנווייז, ווי פרילינגדיקע טייבלעך שטראָמען זיי אַהערצו פון טראַמווייען, פון אויטאָס, פון אויטאָבוסן. א היץ, — דערשטיקט צו ווערן .ווייסמאַן פילט, ווי דאָס לייב זיינס האָט זיך צעפּאַרעט הינטערן וואָלענעם אנצוג, ווי עס ריזלען איבער זיין קערפּער ריטשקעלעך שוויס, אין איינציקע ערטער קיצלען זיי, נאָר צום צעלאַכן זיך. א מאָגער יידל מיט א רויט שפּיציק בערדל און א פאַרנעצט שטיקל ציגאַר אין מויל, רוקט זיך מיט אַן אַקסעלע, שניידט א „סטעזשקעלע" צווישן עולם. אָט איז ער לעבן פעסט געבויטן ווייסמאַנען געבליבן שטיין ווי פאר א מויער. מיט א פּאָר כיטרע צעשמייכעלטע אייגעלעך באַמערקט ער אים: נו וואָס שטייט איר דאָ ווי דער תם פון דער הגדה? רירט זיך... ווייסמאַן שמייכלט גוטמוטיק: ס'אייך ניט היים רב ייד?

— אויף מיינע שונאימס קעפּ, ווער פּילט דען היינט איצט?

איז טאַקע ווידעראַמאָל די זעלבע פראַגע: וואָס שטייסטו סאָלאָמאָן? געקומען אין שטאָט אַריין איינצוקויפן סחורות. אינדערהיים וואַרט אומ־געדולדיק דיין סאַראַ. ערב קאַרנאַוואַל... פּרנסה... געשעפטן... וואָס? פּע, פּע, ניט שיין אַזעלכעם אפילו צו טראַכטן, ווען דו זעסט פאר זיך אַזויפיל יומטובדיקייט, אַזאַ פאַרשיכורנדיקע פרייד... מילא... עט מען וואַרטן.

א נאַרוואָס אַוועקגעשטעלטער הויכרעדער, פּרוּווט זיך, היקעט אַרויס יעדעסמאָל עפּעס א שרייענדיק, אומפאַרשטענדלעך וואָרט. ס׳דוכט זיך אַז עמעץ דאָרט הינטער אים וויל עפּעס זאָגן, און א צווייטער שלעפּט אים אַוועק, לאָזט ניט. שפּעטער צו אויף די טרעפּ, ביים אָרון קודש, באַווייזט זיך דער רב. מאָגער, הויך ווי א פּאַלמענבוים, א שיטער בלאָנד בערד׳ל, און בלויע סאַמעט־ווייכע אויגן וואָס בלישטשען מיט פרייד. די שטימע, תלמיד־חכמדיק, געלאַסן, באַשוּבט: מזל טוב... מזל טוב... — ס׳בלאָנדע בערדל דרייט זיך אַהין, אַהער אין יעדן ווינקל — מזל טוב אונדז יידן און צו אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט. מיר זיינען די יחידי סגולה וואָס האָבן זוכה געווען צו זען, נאָך יאָרטויזנטער דעם ווידערגעבורט פון לאַנד ישראל...

טויזנטער הענט האָבן מיטאַמאָל זיך צעפּליעסקעט ביי די דאָזיקע ווערטער. עמעצנס א הייזעריקע שטימע האָט זיך דונערדיק אַריינגעריסן אינמיטן רבס ווערטער: זאָל לעבן די הגנה, זאָל לעבן מדינת ישראל!

א פאַרפלאָמטער יונגערמאַן, אינגאַנצן איין שטיק פרייד, איז פלוצים אויסגעוואַקסן לעבן מיקראָפאָן און אָנגעהויבן זשעסטיקולירן מיט די הענט. דערביי האָט זיין רויט ווי פאַרשיכורט פּנים, נאָכמער זיך אָנגע־צונדן: יי־יידן! — האָט ער אָנגעהויבן מיט א באַסאָווען קול צו שרייען — יי־יידן! און געבליבן באַלד א פאַרשטומטער מיט די ווערטער דערשטיק־טע אין מויל, גלייך ווי זיין צונג וואָלט זיך צוגעקלעפּט צום גומען. נאָר קיינער ווייזט אוים האָט עס ניט באַמערקט. דעם עולמס אויגן, זיינען גע־ווענדעט צו א גרופּע לעבנספולע יונגע בחורים און מיידלעך. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן מיט די הענט, און גענומען אויסטאַנצן א קיילעכדיקס. באַלד האָט דאָס רעדל אָנגעהויבן ברייטער ווערן, פאַרגרעסערן זיך. לי־דער נייע האָבן זיך צעקלונגען.

סאַלאָמאָנען האָט א ווייטיק גענאַגט: אַט געשען אַזעלכע וואונדער. און ער אָפּגעזונדערט, וויינט פאַרוואָרפן ערגעץ אין אן איינזאַמען העק, ווייט פון שטאָט, אזוי ווייט פון יידן. שוין 18 יאָר. איין יידישע משפחה, צווישן אזויפיל הונדערטער ווילע, ערלעכע בראַזיליאַנער, אָבער דאָך פרעמדע. אָט, ערשט אַנומלטן, האָט אים באַגעגנט דאָס גלחל און שטיל אריינגעזאָגט ,שמייכלענדיק: אן איינגע׳עקשנט פאָלק זענט איר יידן. וווינסט שוין דאָ אַזויפיל יאָרן, לעבסט דיר גאַנץ פיין. פרנסה, א סך געלט, ניט אזוי? כאַפּט מען זיך אָמאָל אריין אין קלויסטער אריין. און קוקנדיק סאַלאָמאָנען אין די אויגן אריין, ווי ווענלדיק איבערלייענען ס׳אַרא איינדרוק ס׳האָבן געמאַכט אויף אים זיינע ווערטער, האָט ער צוגעגעבן: דיינע קינדערלעך, ערשט נעכטן, זיך שפּילנדיק לעבן קלויסטער זיינען צוגעלאָפן צו מיר, געקושט די הענט, געבעטן כ׳זאָל זיי בענטשן. טייערע קינדער! זיי וועלן שוין קליגער זיין פון דיר, סעניאָר סאַלאָמאָן.

נו, סאַלאָמאָן האָט דענסטמאָל געשמייכלט, געטראַכט זיך: א בייזער חלום אויף זיין קאָפּ. קינדער, וואָס ווייסן זיי? זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי בעסער פאַרשטיין... אָבער איצט שניידט א פראַגע ס׳האַרץ: און טאָמער וועלן זיי ניט וועלן פאַרשטיין, הא סאַלאָמאָן?

טאַקע איצט האָט זיך סאַלאָמאָנען געוואָלט יינגער ווערן, אראָפּוואַרפן פון זיך כאָטש א צענדליק יאָרן, אויסגלעטן די טאַרבעלעך פון הינטער די אויגן, די קנייטשן און קנייטשעלעך פון פּנים אָפּווישן. כאָטש ר׳איז נאָך גענוג קרעפטיק, ר׳איז נאָך...

פונעם הויכרעדער הילכט ווידער אן אויסגעשריי: יידן, פאַרגעסט ניט, זשאַלעוועט ניט, געלט, געלט, געלט!

ס׳ווערט א באַוועגונג. אייניקע רוקן זיך צו דער טיר. אייניקע כאַפּן זיך התלהבותדיק צו די קעשענעס. סאַלאָמאָן דערמאָנט זיך, ער טאַפּט דעם אָנגעפּולטן בייטל אין בוזים קעשענע. די בוזים-קעשענע שמעקט מיט קאַרנאַוואַל. נו, סאַלאָמאָן? געלט? הא, וואָס זאָגט ער דאָרט. געלט דאַרף מען? אַוודאי וועט ער געבן, איז ער דען קיין ייד ניט? אווא-אַ-דאי! — —

אויף דעם טרוקענעם, ליימיק-געלן, שטויביקן שליאַך, שפרינגט דאָס אַלטע „פאָרדל״ ווי א ציג... סאַלאָמאָן גענעצט אריין אין בלאָסן קאַיאָר א

פוילן אויסגעצויגענעם גענעץ, פארענדיקט מיט א דין קווימשיקל. א וואַ־
רעם ווינטעלע בלאָזט פון אַטלאַנטיק, אַן אָנזאָג אויף א הייסן טאָג. ס׳איז
באַגינענדיק שטיל. פון צווישן גראָזן זשומען פליגעלעך און בינען. א פיי־
געלע אויף א טעלעגראַף סלופּ באַגעגנט דעם טאָג. דער ווייס־געפּאַרבטער
קלויסטער אויפן שפּיץ באַרג, קלינגט אוים די פּרימאָרגן־שעה׳ן. סאָלאַמאָן
זויגט א שאַרוט. ר׳איז רואיק. ס׳איז אים לייכט אויפן הארצן. ניטאָ וואָס
צו טראַכטן מער, באַשלאָסן: ר׳וועט ליקווידירן, מיט אַלץ ליקווידירן.
אַדיע! געגנוג דאַרפסמאַן דאָ געווען. ער וויל שוין צווישן יידן זיין, צוליב
אים, זיין פרוי, זיינע קינדער. פונווייטנס ווינקט צו אים זיין בלוי גע־
פּאַרבט שטיבל, הינטערן שאָטן פון א ברייט צעצווייגטן קאַשטאַנענבוים.
זיין סאַראַ שטייט דאָרט און וואַרט. מסתמא וועט זי אים עפּעס פרעגן.
ס׳הייסט, וואָס וועט זי אים פרעגן? אַך יאָ, קאַרנאַוואַל־אַרטיקלען, גע־
שעפט, געשעפט. און ער? ער וועט זיך צעלאַכן, ר׳וועט זי ארומכאַפּן, טו־
ליען צו זיך, צוזאַמען מיט די מיידלעך זיינע, און קושנדיק זיי באַגריסן:
מזל טוב! מזל טוב!



— „א דייטש... נאַ אינמיטן דערינען, אַט האָסטו דיר א דייטש, ווייי איז מיר!"

מער האָט שוין בענטשיקן ניט געפעלט. ער וואָלט שווערן ביי א הייליקייט, אז אויף אַזעלכעס האָט ער זיך ניט גערעכט, אפילו אים אויפן זינען ניט געקומען!

סעניאָר בענטשיק איז ניט געשליפן. ער איז א מענטש א פשוטער. אַט וווינט ער שוין דאָ אין אַפּאַרטאַמענטן־הויז כמה וכמה יאָרן, אַפילו זיין וווינונג שוין אויסגעצאָלט. ניט איבעריק רייך, ניט אָרעם; אַזוי־זיך — מיטלמעסיק. און מיט שכנים אזוי־ווי מיט ברידער. שכנים צווישן זיך דאַרפן גוט לעבן, גוטע פריינט זיין. איז פּונקט געקומען, אין א פרימאָרגן אין קאָרידאָר, אויסגעוואַקסן א נייער שכן. א מיטלוווקסיקער און ברייט ווי א קאַשטאַנען־בוים. די ערשטע באַגעגעניש: א פּאַרזיכטיק קליינטשינקער נויג מיטן קאָפּ, א נויג אַזעלכער, וואָס מ'איז ניט זיכער ביי זיך צי ער וועט פריינטלעך אָפּגעענטפערט ווערן, צי ניין. און טאָמער ניט האָט עס געהייסן סתם א שאָקל מיטן קאָפּ. די צווייטע פרימאָרגנדיקע באַגעגעניש: יענעמס מויל האָט פון צווישן וואַנציעס ארויסגעקרעכצט „דייטש־גרוםמוטיק" ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, מיט וועמען מען טרינקט אָפט צוזאַמען גרויסע קופּליעס ביר־שאָפּן: — „גוט מאָ־אַ־יען..." שפּעטער מיט א פּאָר טעג: א קלאַפּ אין דער טיר. די פרייד צו באַגעגענען און דערנענטערן א נייעם שכן אויפן פריינטלעכסטן אופן, האָט זיך צעגאָסן איבער בענטשיקס פּנים:

— אָ! קומט אריין... ביטע, ביטע! — און טאַקע איינצייטיק גערופן זיין פראַדלען: קום אריין פראַדל, אונדזערע נייע שכנים, נייע פריינט.

פאַר די אויגן זיינען זיי געשטאַנען אומשולדיקע, קינדיש נאַאיווע, דער שכן מיט זיין ווייב. ער, א ברייטקייט, א גבורה! זיין פּנים האָט

בענטשיקן דערמאָנט, אָן יענע קאַצאַפּישע ברייטע פּנימער פון זיין שטעטל: בעריק־רויטע, שאַרפבייניערדיק־פאַרשפּיצטע, א קליינער מאַלפּי־שער שטערן, פאַרדעקט מיט א בלאָנד טשופּיקל, א פּאָר קליינע בלויע אייגעלעך, מיט שפּיזלדיקע בליקן. היינט א פּאָר ידים, אַזעלכע לאַנגע, מאַלפּיש באַוואַקסענע. זיי באַהאַלטן זיך אַלעמאָל אין די הויזנקעשענעס, פאַרדעקן זיך מיטן הוט, גלייך ווי זיי שרעקן זיך פאַר עפּעס, פאַר עמיצן... זי, פראַו מאַרגאַרידאַ, לויטער שמאַלץ, פרייכט הינטער איר פעטקייט, שפּאַנט פּאַוואָליטשקע, זאַט, ווי א קו מיט פולע אייטערס זומערפאַרנאַכט פון דער טשערעדע.

— זיצט, זיצט הער פּריץ, א שנאַפּס?

עס ענטפערט א בוצים־שעמעוודיק שמייכעלע וואָס גראָבט אויס טיפע גריבעלעך אין זיינע באַקן: אַ־אַ־אַ־ך דאַ־אַנקע.

— נו, פראַדל, זאָל זיין א פריש קאַוועלע.

מיט קעפּ אַראָפּגעלאָזטע, אזוי דערשלאָגן, האָפענונגסלאָז, שטיל, באַשיידן, דוכט זיך, אז אַזעלכע לייט טשעפּען ניט אפילו א פליג אויף דער וואַנט. סיי בענטשיק, סיי פראַדל קוקנדיק אויף זיי, האָבן זיך צעזיפצט:

— ווער ווייסט פונוואַנען אָט די מענטשן קומען? מסתמא געווינט געוואָלט צו א בעסער לעבן, געגנוג געליטן און אַלץ פאַרלוירן. א הימלגעשריי! אַזאַ בלוטיקע מלחמה געווען אויף דער וועלט, אַזאַ וועלט אומגליק!

זי האָט זיך צעסאַפּעט ווי נאָך א וועט־געלויף, די פרייכנדיקע קו, און געאָכעט און געאָכעט. טרערן אַזעלכע גרויסע האָבן זיך צעקייקלט אי־בער איר רונדן שמאַלציקן פּנים, איבערן באַרגיק איינגעקנאָטענעם האַלדז, און באַהאַלטן זיך הינטערן צווייגאָרנדיקן גוידער:

— אָ־אָ־אָך לי־י־בער גאָ־אָט, ווי די פאַרשאָלטענע נאַצים האָבן זיך נוקם געווען אָן זיי. און אַלץ דערפאַר, וואָס די אויגן האָבן ניט געקאָנט צוזען די „גראַ־אַ־אוזאַמע ליידן פון אומגליקלאַכע יודען”. און וויפל פון אָט די פאַרפאָלגטע ניט אויסבאַהאַלטן ביי זיך! אזוי ווי אייגענע קינדער זיי געשפּייזט, אויסגעוואַרעמט, געראַטעוועט!...

און פּריץ? — זיינע אויגן זיינען איינגעגראָבן אין פּליושענעם קילעם וואָס איז אויפן דיל צעשפּרייט. מעשה גוטער צוהערער, הייבט ער אויף די

אויגן, שאָקלט צו מיטן היטלער מטופּיקל, וואָס פאַרדעקט זיין שמאָלן שטערן, גלייך ווי דערמיט באַשטעטיקט ער, אַז אַלץ איז אמת כשר וישר, אַזוי טאַקע איז עס געשען . . .

— „אַ־אַ־אַך לי־י־בער גאָט!" פראָדלס אויגן זיינען שוין רויט פון שטילן וויינען. ער, בענטשיק, האָט אויך דערפילט א האַרבקייט אין דער נאָז, ווי ביי א פאַרקילונג: געהאַט „דאָרט" ברידער און שוועסטער. ערב־מלחמה, האָבן זיי, די קינדערלאָזע, געטראַכט אראָפּצוברענגען די משפּחה אַהערצו קיין בראַזיל, זיי איינאָרדענען דאָ. נו, גיי ריכט זיך אויף אַזאַ צאָרן!

— „וואַ־אָ־ך לי־י־בער יעזוס הייליקער!"

בענטשיק ווישט אויס א פּאָר באַהאַלטענע טרערן:

— „נו פראָדל, נאָך א פּאָר קאָוועלעך! בענטשיק טראַכט, אַז אָט טאַקע צוליב אַזעלכע מענטשן איז שוין נישט כדאי די וועלט זאָל אונ־טערגיין. אָט דידאָזיקע זיינען די געווען דאָך די אמתע שטראַלן אין דער פינצטערניש. צדיקים, וואָס האָבן ניט געשאַנעוועט זייער וווילשטאַנד, א זיכער לעבן, מפקיר געווען זיך פאַר א געדודפטן יידן פון א כמעט אויס־געקוילעטן יידישן פאָלק . . .

די פריינטשאַפט האָט זיי פאַרקניפּט און פאַרבונדן יעדן טאָג וואָס מער. אין די אויפדערנאַכטן קומט מען זיך צונויף. אויף פיין געדעקטע טישן, ווינקט פון א טעלער צווישן שוואַרצע בלישטשענדיקע מאַסלינעס, טאָ־מאַטן און רייפטן ציבעלעס, — א שמאַלץ הערינג. צו אים שמייכלט זיך א פּאַלומעסיק מיט צעשניטענעם קאָרן־ברויט לעבן שאָלן מיט קעז און פו־טער. מע קנייפּט ברויט, עס מאָלן אָנגעפּולטע פּיסקעס, אזש א שוויים צערינט זיך איבער שטערנס; מ'שלוקערצט, מ'פאַרטרינקט מיט קאַלטן ביר. בענטשיק שטעלט אָן די ראַדיאָ: „זאָל זיך שפּילן, וואָס עס ווילט זיך, אַבי דעם אומעט צו פאַרטרייבן . . .

— „פראָדל, עכל שטאַרבן פאַר ווייטיק, פאַר בושה".

---

ס'האָט דער גוטער שכן הער פריץ אים פאַרטרויט א סוד. דאָסמאָל האָט אים בענטשיק געזען שפּאַנען דייטשיש שטאָלץ, „געגנזנטריטעריש",

מעשה מיליטערמאַן. יעדער שפּאַן פּעסט, זיכער, אויסגערעכנט. גערעדט גלייך ווי דעקלאַמירט: פּאַראַן אַ פּלאַץ דאָ ניט ווייט, איינע פון די שענס־טע, פּראַכטפול! און נאָכאַמאָל: פּראַ־אַ־כטפאָל! ביים ברעג פון אַן אָזיע־רע, אין איינע פון די רייכסטע געגנטן, וואָס איז מאַיעסטעטיש צעשפּרייט צווישן בערג, אייביק גרין־באַוואַלדעטע. דאָרטן האָט ער די מעגלעכקייט זיין געשעפט איינצואָרדענען. אַ דערלוויבעניש איז שוין דאָ, געלט אויף צו קויפן מאַטאָרשיפלעך איז דאָ. פעלט אָבער דאָס ווּיכטיקסטע, האָרכן זי מאָל ליבער בעענטיש, דאָס וויכטיקסטע!

— צום ביישפּיל?

— אויף דער פירמע מוז פיגורירן דער נאָמען פון אַ היגן בירגער, פאַרשטאַנען? פּערספּעקטיוון גלענצנדיקע, קיינע געלט אינוועסטירונגען פון בענטשיקס זייט און ריוח 30 פּראָצענט. שיין איינגעאָרדנט, וועט עס זיין פון די שענסטע פאַרוויילונגס פּלעצער! ווּנדערבאַר, ניט וואָר?

בענטשיק קנייטשט דעם שטערן: „אַ געשעפט אָן בויכווייטיק, וואָס קען ער פאַרלירן דערביי, וואָס? ממה־נפשך, וועט זיך דאָס מילעכל דרייען איז מה טוב, אויב ניט? וואָס איז דאָ צו ברייען?"

— נו, אוודאי ליבער פריץ, רעכנט מיט מיר.

און פריצס שטענדיק־אָנגעכמורעטע פּנים האָט זיך דין צעשמייכלט. זיינע טריט האָבן פאַרלוירן די שווער־וואָגיקע אויסגערעכנטקייט. זיי זיי־נען איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לייכטע, גלייך ווי טאַנצנדיקע, שנעלע טריטעלעך. באַלד איז אויסגעוואַקסן אַ פלעשל משקה, מ'האָט געטרונקען און זיך פעסט געדריקט די הענט:

— פּראָזיט! !

— פּראָזיט! . . .

— „אַ געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן. ווויי איז מיר, אַ געשעפט!"

---

עס זיינען אַוועק עטלעכע טעג און די דרימלענדיקע, רחבותדיק־צעשפּרייטע אָזיערע האָט אויפגעלעבט. מיניאַטור קליינע מאָטאָר־שיפ־

לעך האָבן זיך צעהודעט איבער דעם שלאָפנדיקן אָזיערע-אויבערפלאַך, בליצשנעל אויפגעשניטן ווייסע שוימיקע סטעזשקעס אויף רואיקע וואַסערן. אין מאַטאַרשיפלעך האָבן קינדער זאַרגלאָז געשריען און געלאַכט; פאַרלעך ארומגענומענע האָבן זיך געליבט. זיי אַלעמען האָט באַגלייט א פריילעכע מוזיק פון א וויטראַלאַ, אינסטאַלירט ביים ברעג. דאָס געזאַנג פריי און ברייטהאַרציק, האָט ווייט אָפגעקלונגען, גלייך ווי געזוכט אויפצוזוועקן די נגידיש שטאָלצע פּאַלאַסעטן און ווילעס פון זייער רואיקן דרעמלען ,צווישן די גרין באַוואַלדעטע בערג, אייביק בלוי-פאַרנעפּלטע, בלוי פאַרחלומטע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— „פּראַדל, דער פּריץ, זאָל גאָר פון קיין שלעכטס ניט וויסן”.

צי חלומט ער ניט? נישט געפּאַקט, נישט געמאָזלט, מ׳ברענגט אים יעדן מאָנאַט פאַרמאַכטע קאָנווערטן אָנגעפּולטע מיט געלט. א פּריש באַנק-ביכל פילט זיך אוים מיט ציפערן מיט נולן, מיט נולן, עס שווינדלט אַזש פאַר די אויגן. פּראַדל אָבער, אומערט, סיניאַקעס רייפלען זיך אַרום אירע אויגן.

— וואָסי פּראַדל?

— עפּעס געפעלט מיר ניט בענטשיק.

— נאַרעניו, די כלה איז צו שיין?

— כ׳האָב מורא בענטשיק... כ׳האָב מורא...

מיטאַמאָל, און די אַזוי גוטע שכנים ווערן פאַרשווונדן. זייער אַפּאַרטאַמענט פּוסטעוועט, מ׳הערט פון דאָרט קיין שאָרך, קיין פּיפּס ניט מער. העם שפּעט אין די נעכט, וואַכט אויף דער אַפּאַרטאַמענט. עס קומען אויטאָס. מענטשן קומען, שפּאַנען אין לייכטע שטעק-שיך, מ׳רעדט שטיל און אַזוי שטיל צעגייט מען זיך. אין אַזאַ באַנאַכט האָט בענטשיק זיך אָנגעשטויסן אין איינעם פון די באַזוכער. א ריז ממש איז דערדאָזיקער געווען, הויך, ברייטפּלייצעדיק, א וויים בלישטשענדיקער אָפּגעראַזירטער קאָפּ, ווי אַן אַרבוז קיילעכדיק. יעדער טריט יענעמס — לויערפּול. ס׳פּנים, א

טויטנמאַסקע. איין אויג הינטער א מאָנאָקל און פוןביידע אויגן האָט גע־דראָט מיט א פּראַסטיק קאַלטער רציחה. בענטשיק — א דערשראָקענער — האָט אין אים דערזען, איינעם פון יענע תּלינים, וועמענס הענט עס האָבן אויסגעלאָשן א סך אומשולדיקע לעבנס. אין יענער נאַכט האָט בענטשיקן, שאַרף ווייטיקלעך פאַרקלעמט ביים האַרץ. יענעמס אויגן האָבן אים ניט געלאָזט רוען. בענטשיקן האָט עפּעס אָנגעהויבן שרעקן. און טאָמער האָבן זיינע אויגן אָנגעהויבן דרעמלען, האָבן ביזע חלומות אים באַלד אויפגע־וועקט. אָט חלומט ער ווי ביים ראַנד פון א מוראדיקן טיפן אָפּגרונט שטייט ער, די פיס ווי געליימט, אוממעגלעך א טריט צו געבן אויף צוריק. און אָט האָט הינטער אים אַזוי ווי פון דער ערד ארויסגעוואָקסן א מורא־דיקער ריז. דער גיגאַנט לאַכט פון אים דעם קליינעם מענטשעלע. זיין הוזקפול לאַכן צעדונערט זיך ווייט. דוכט זיך, אז אַלץ ציטערט אויף פון אַזאַ לאַכן. אָט — און אַ גרויסער פינגער מיט איין ריר נאָר, שטויסט אים אַראָפּ, און ער פאַלט, און ער פאַלט . . . אַזוי ווי א שטיינדל... אוי!

ער חלומט ווייטער: צו זיין געלעגער לויפט איילנדיק א גרויסע שפין, מיט איר שנעלן דערנענטערן זיך, ווערט זי מוראדיק אויפגעשוואָלן. א רי־זיק מויל . . . אוי . . . נאָך איין רגע, איין אויגנבליק נאָר און אירע שוואַרץ־האָריקע קלאָמערן וועלן אים איינקלעמען, ווערגן, ווערגן . . . גאָט! עס ווערט אַזוי שווער דאָס דעכען . . . הע! אר־הע! ראַ־טע־ווע! . . .

* *

*

דורך א צופאַל האָט בענטשיק זיך באַגעגנט מיט א באַקאַנטן אין קאַפע־הויז ביי א קאַווועלע. און יענער האָט לאַנג געגלעט זיין גלאַט ראַ־זירט־פּנים, גלייך ווי געזוכט א געדיכט־האָריקע באָרד, געריבן זיין שטערן ביים אַריינציען אין זיך דאָס ציגאַרנרויך און ווי געשלאָגן זיך מיט דער דעה: יאָ רעדן אָדער נישט.

— הע . . . סעניאָר בענטשיק, באַשר ניט לאַנג איז אַהער געקומען א מיידל, אַן עלנט מיידל, א יתומה. געפינט זיך ביי א פאַמיליע, איר גע־דענקט מסתמא אַהרן פעסאַלעס?

— א שאלה! אהרן פעסאלעס פון דער יאטקע גאס? א שיינער באַ־לעבאַס געווען, א פיינער שניידער, א וואַרטס-מענטש. היינט ווער קאָן פאַרגעסן זיין זיסע שטימע ,זיין אויסזינגען הזנישע שטיקלעך ביים נייַ־מאַשין? האַ? ווער קאָן פאַרגעסן זיין סערלען, די שטענדיק שמייכלענדי־קע, די גוטע ווי א שטיק לעקאַך?

— מסתמא ווייסטו, געבליבן איז נאָר דאָס מיידל, זייערס.

— די מיזינקע? — בענטשיק האָט זיך צעזיפצט מיט א לאַנגן אויס־געצויגענעם זיפץ — איז ווזשע איז זי, האַ? ברענגט זי צו מיר... פאַר־שטייט איר ביי מיר...

און ס'האָט זיך אין דער רגע אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן, דאָס שטעטל פון צוריק מיט 35 יאָר. גאַסן, געסלעך, ליקעלעך, יעדעס סטעזש־קעלע: אין קופּער-געלן, צייטיקן אָסיען, אין זילבער-ווייסן ווינטער, אין בליענדיקן זומער. דעכער שטרויענע, קוימענס פאַרשוואַרצטע, וואָס רוי־כערן פאַרטראַכטע אָן אויפהער. אָט איז דער העט ווייט זיך ציענדיקער וואַלד, א ווו ער און זיין פראַדל האָבן א „ליבע געשפּילט". הינטערן אַלטן אַקאַציע-בוים ביי זיין פאָטערס שטיבל, וואָס האָט מהיה געווען מיט זיי־נע ריחות, פלעגן אַלע שכנים, זיצנדיק, זיך ווייל. קינדערלעך האָבן דאָרטן מיט זשוקעס זיך געשפּילט. אַפילו טאַנאַס, דער קליינוואָקסיקער שבת-גוי, פלעגט דאָרט אויף זיין פלויער אויסשפּילן וואַלעכלעך און דאַי־נעס. היינט די אַלטע בראָדער שול, ווו פעטער זלמן, דער שמש, האָט אין הייליקע קאַיאָרן מתיקותדיק אויסגעזונגען קאַפּיטלעך תהילים. און אַזוי טראַכטנדיק האָט זיין דמיון אויסגעריסעוועט דאָס מיידל: מאָגער, אויס־געדייוועט ממש, אין קליידער אַפּגעטראָגענע, און אירע אויגן שמייכלען קוים מיט א קרענקלעכן בליאַסק. נו, אויב זי וועט נאָר וועלן, וועט ער און פראַדל זי נעמען צו זיך, ווי אן אייגן קינד, און ווען א שידוך וועט זיך מאַכן, וועט ער ניט זשאַלעווען, געבן מיט דער ברייטער האַנט. און טאָ־מער וויל זי טאָקע גאָר פאָרן קיין ישראל? מהיכא-תיתא. אַפילו ער אליין טראַכט לעצטנס דערפון. נאָך א פּאָר יאָר און ר'וועט אַוועקפאָרן מיט פראַדלען אהינצו. לעבן דאָרט, אַרבעטן, אויסלעבן אין אייגענעם לאַנד ס'רעשט ביסל יאָרן...

דער אַפּאַרטאַמענט — בריה׳ש ריין, יומטובדיק באַלויכטן. פון שניי־ווייסן באַדעקטן טישטוך האָבן געבליאַסקעט זילבערנע געפּעס, ריינע קרישטאָלענע באָקאַלן, לעבן געטראַנקען און זיסוואַרג. אויף פּאַלומעסי־קעס האָבן שטאָלצירט גוט געראָטענע געבעקסן און פיינקוכן. דאָס אַלץ צוליבן מיידל, צוליב איר. בענטשיק, קוקנדיק אויף דעם קיילעכדיק ווייסן בנימל, דערמאָנט זיך אָן איר מוטערס צורה, אַפילו דער זעלבער שמייכל, זיס און גוטהאַרציק צווישן דריבנע חן־גריבלעך אין די באַקן.

— ווי אזוי הייסטו?

סאָניע.

— ביסט א שיין יידיש מיידל! ווייסטו גאָר וואָס כ׳על דיר זאָגן? — כ׳בין שוין פאַרליבט אין דיר.

סאָניע צעלאכט זיך. אין אירע בלויע אויגן פלעמלט דאָס לעבן. פראָדל טוליעט זי צו זיך, פליסטערט תהינותדיק שטיל צו איר:

— יאָ סאָניטשקע, וועסט זיין ביי מיר אן אייגן קינד. ס׳וועט דיר חלילה גאָר ניט פעלן, פון בעסטן און שענסטן.

— אוודאי, אוודאי — באַשטעטיקט א צופרידענער בענטשיק. ער האָט זיך איצט אַלעמאָל אומרואיק אויפגעהויבן פון פּלאַץ, אומגעדולדיק געקוקט אויפן וואַנט־זייגער: אַזוי שפּעט שוין און אונדזערע שכנים זיינען נאָך נישטאָ. כ׳האָב זיי ספּעציעל איינגעלאַדן. קריסטן פיל אָנגעליטענע... טריט דערנענטערן זיך. די טיר עפנט זיך און... ס׳געשעט בליצשנעל, ווי א באַמבע־אויפריים: א האַרץ־רייסנדיקער „אוי" האָט די יומטובדיקייט גע־קוילעט. דאָס צופרידנשמייכלענדיקע מיידל־פּנים איז בלאָס געוואָרן, אירע אויגן פאַרגלעזטע, איר בלאָנדער קאָפּ הלשותדיק פאַרוואָרפן און פון די מויל־ווינקלען האָט א פּינע געשוימט. נאָר ווערטער קוים ארויסגעזאָגטע, האָבן שטיל, דערשראָקן פאַרטרויט: „ס׳איז ער... ער... זי"...

קרבן און מערדער האָבן זיך באַגעגנט.

---

— „פראָדל מיין האַרץ צערייסט זיך, כ׳שעם זיך צו קוקן אין דעם קינדס אויגן אַריין. ווער וועט אַראָפּנעמען די חרפּה פון מיר, פון אונדז?"

עס דערמאָנט זיך: ערשט ניט לאַנג, זיינען אַהער פון פוילן אָנגעקומען צוויי ברידער: יונגעלייט, לוקסוס-געקליידעטע, מיט ווייסע אומשולדיקע פּנימלעך. דוכט זיך אויף א מערעשקעלע היטן זיך אַזעלכע צו טרעטן. אָט די ווייסע הענטלעך האָבן אַהערגעבראַכט א רייכטום נישט אָפּצושאַצן. גאָלד, בריליאַנטן, צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן. דערנאָך איז מען געוווּיר געוואָרן... מ'האָט וועגן זיי דערציילט... ווער איז עס בכוח נאָכצודערציילן? ס'האָבן די „לייט" זיך געבאָדן ממש אין בלוט פון די אייגענע. אפילו... א שרעק! דעם קאָפּ פון אייגענעם טאַטן אָפּגעהאַקט, כדי א מתנה אונטערצוטראָגן פאר די דייטשן. נו וועלכער מענטשלעכער דמיון וועט פאָרשטעלן אַזעלכע צאַרטע פּנימער, אַזעלכע ווייסע הענטלעך אין א נאָך העסלעכערן געשטאַלט פון רוחות משחיתים? „זיי" זיינען אויס-געוועזן ,פאַרשוווּנדן אין ווייטן, גרויסן בראַזיליאַנער הינטערלאַנד. בענטשיק דערמאָנט זיך: תשעה-באָב'דיק האָט אויסגעזען די שול אין יענעם טאָג. פול געפּאַקט מיט טויזנטער מענטשן. מענער, פרויען, אפילו קינדער האָבן אהין מיטגעבראַכט זייער צער. עס קלינגען נאָך איצט אין זיינע אויערן יענע אויסגעשרייען: אין חרם אריין! אין חרם אריין! ער געדענקט נאָך זיינע אייגענע אויסגעשרייען: יידן... יידן! אַזעלכע פאַרפוילטע איברים דארף מען אויסשניידן!...

און וואָס וועט ווייטער זיין? א גאַנצע וועלט געוווּיר-ווערנדיק וועט איצט אַנטלויפן פון אים אזוי ווי פון א לעפּרע--קראַנקן. אומעטום וועט ער באַשאָסן ווערן פון צאָרנדיקע בליקן. פינגער וועלן שילטנדיק טייטלען: „אָט גייט ער דער דאָזיקער וואָס... האָט זיך פאַרבונדן מיט א פאַרברעכער". א געשריי ווי פון א הויכרעדנער וועט שטענדיק לעכערן זיינע אויערן: „דערדאָזיקער תכשיט האָט זיך געחברט מיט א חיה, וואָס האָט גאַנצע שטעטלעך אין פייער אומגעבראַכט, מיט אייגענע לאַפּעס צוליב פאַרוויילונג, דערשטיקט, צעמזיקט קעפּלעך פון יידישע קינדער. אָט די פרייכנדיקע מאַרגאַרידאַ, אין מענער-קליידער פאַרפּוצט, האָט גאַליק שמייכלענדיק, מיטן בינאָקל אין האַנט, באַוווּנדערט דעם יאָמערלעכסטן ספּעקטאַקל. וויי איז מיר, אזאַ ספּעקטאַקל! צו צוזען ווי יידן ווערן פאַרצערט פון פייער פלאַמען הייליק, כשר, אזוי ווי זייערע ברענענדיקע ספרי-תורות...

---

בענטשיק איילט אַלעמאָל אויף די שפּיצפינגער צו סאָניעס שלאָף־צימער. ער הערט זיך צו, צום כסדרדיקן זיך איבערדרייען אירם פון איין זייט אויף דער צווייטער, צום אומרואיק פּאַרוויינטן סקריפּען פון בעטל אין דער פינצטער. אויך פּראָדל ליגט שטיל ווי די נאַכט אין שלאָפצימער. איר שטילער וויינען שרייט פון דאָרט ארויס...

„ליבע יידן, איך בענטשיק בן רבקה, דערקלער זיך אומשולדיק! איך שווער ביי מיין לעבן, יידן בני רחמנים, איך בין פאַרפירט געוואָרן. איך האָב אין פאַלשע ווערטער געגלויבט. ווער בין איך, ווער? א פשוטער מענטש, וואָס קען נאָר דאַוונען, אָנשרייבן א בריוול, ווייטער גאָרנישט... האָט רחמנות אויף מיינע געציילטע יאָרן. דאָס לעצטע העמד נעמט אַוועק פון מיין לייב, שטראָפט מיך, נאָר די שאַנדע נעמט אַוועק פון מיר, טוט מיך אויס פון איר. נאַקעט וויל איך בלייבן, אַבי ערלעך".

אין בויך בורטשעט, עס שפּאַרט אונטערן האַרץ, שלייפן שמערצן, דער קאָפּ אָנגעפּולט מיט ווייטיק. א שוויים רעגנט פון קאָפּ איבערן פּנים, איבערן גוף וואָס פיבערט קדחתדיק. שפּילקעלעך קליינינקע, שפּיציקע, שטעכן דין־ווייטיקלעך, אָט דאָ, אָט דאָרטן, פליען פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן, גלייך ווי זשומענדיקע מאָסקיטן. כאָטש גוט נאָך, וואָס דורך דעם אָפענעם פענצטער הייבט א ווינטעלע דעם אראָפּגעלאָזענעם פאָרהאַנג און גיט אלעמאָל א קילן בלאָז אויפן פּיטשנאַסן לייב. פון נאָענטן קלויסטער קלינגט דער זייגער אוים צוועלף קלאַנגען. עכאָ׳דיק צעלויפן זיך די קלאַנגען איבער דער פּוסטער גאַס און ווערן צווישן די באַוואַלדעטע בערג אַנטשוויגן. דאָס ווינטעלע ווערט פּלוצים וואַכנדיקער, שטאַרקער. קומט אָן מיט ריחות פון צייטיקע מאַמאָנען און מאַנגעס. פון אונטער די בערגיקע האָריזאָנטן רוקן זיך ארויס פאַמעלעך שטיקער טונקעלע כמאַרעס, אָן אָנזאָג אויף א מאָרגנדיקן רעגן. עפּעס בליצט אויף מיטאַמאָל אין בענטשיקס מוח:

— ס׳א פּלאַן — טראַכט ער — עס איז איצט שאַ, שטיל. קיינער וועט ניט הערן, קיינער וועט ניט וויסן. געננג נאָר א קליין פלעשעלע מיט קעראָסין און א שוועבעלע. כאָטש דער וועג אהינצו איז א ביסל א ווייטער. צוקומען אַהינצו דאַרף מען פּאָרזיכטיק, ווי א שאָטן, אומבאַמערקט דורכשלייכן זיך צווישן די רייען קאָשטאַנען־ביימער וואָס ביי די זייטן גאַס.

אָדער זיך בויגן צו דער ערד, זיך הויקערן ווען עס שניידט דורך מיט אימפּעט אַן אויטאָ, ביז... און אַט, אָט וועט זיך באַווייזן די אָזיערע אין וועלכע עס טאַנצלען לאַנגע ליכט־שאָטנס פון גאַסנלאָמפּן. אָט, אָט דאָ רוען די פאַרדעקטע קליינינקע מאָטאָרשיפלעך, צוגעבונדענע צו גרויסע קלעצער אויפן זאַמדיקן ברעג. זיי הוידען זיך פּאַמעלעך אויפן וואַסער, גלייך ווי זיי ווערן אונטנאַרומעט פון עמעצן געקיצלט. איצט פעלט נאָר איין זאַך: אויפן זאַמד זיך א וואָרף צו טאָן, פּאַוואָליטשקע, זיך ראַטשקע־ווען צו אָט די שיפלעך, אָנשפּריצן קעראָסין, אויף איינעם, א צווייטן, א דריטן, א רייב טאָן א שוועבעלע און אוים... און דערנאָך? דערנאָך וועט ער זיך איינגראָבן אין זאַמד, מיט די הענט שאַרען הויפנס זאַמד, זיך פאַר־דעקן, גוט פאַרדעקן ס׳פּנים, די פיס, די הענט...

---

ער איז גרייט. דער אויסגעשפּרייטער קילעם אויפן דיל זאַפּט איין זיינע שפּאַנען. די טיר עפנט זיך קוים אָן א סקריפּ. דער פינצטערער קאָ־רידאָר שלינגט אים איין...

אין דער לויערנדיקער פינצטערניש דאָרט, באַוועגט זיך, דערנענ־טערט זיך, חיה׳ש, דראָענדיק, א גבורה׳דיקער שאָטן. יעדער שפּאַן זיינער לויערט פאַררעטעריש. יעדער שפּרונג — טיגעריש אויסגערעכנט...

א האַנט אין דער לופטן האָט זיך פאַרמאָסטן. א פויסט ווי א האַק האָט אויפגעבליצט און מיט אייז־קאַלטער רציחה זיך אַראָפּגעלאָזט.

אוי־י־י־י !... אַזאַ שטאַרקער זע׳ן איבערן קאָפּ! אַזאַ שווערדריקנדיקע לאַסט! אין די אויגן טונקלט. ס׳מויל עפנט זיך א שוואַכן ווידערשטענדיקן קרעכץ אויסצושרייען. און נאָכאַמאָל א צווייטער זע׳ן. דאָסמאָל שוין אי־בער די קריזשעס. דערדאָזיקער נאָך שאַרפוויטיקדיקער. פון האַלדז פליוכעט א וואַרעמע, געזאַלצענע פליסיקייט. זי איז געדיכט, קלעפּיק. דער אָטעם ווערט פאַרכאַפּט, אזוי שווער צו דעכען, אַזוי שווער דורך די קוים באַוועגנדיקע ליפּן א וואָרט כאָטש ארויסצומורמלען. ליפּן פליסטערן עפּעס ניט ארויסגעזאָגטעס און פון האַנט פאַלט א ניט אָנגעצונדענע שוועבעלע...

קרובים האָבן זיך אָן אים דערמאָנט. פון ווייטן בראַזיל האָט מען אָן אויפהער געוועקט מיט בריוו. א שיפסקאַרטע ערשטע קלאַס, געלט איבער־גענוג, אַבי צו האָבן לעבן זיך א נשאר, דעם לעצט פאַרבליבענעם פון א גרויס פאַרצווייגטער משפחה. אַחוץ די האַרציק־צעשפּרייטע אָרעמס פון קרובים, האָט אים מיט א באַזונדער ליבשאַפט אויך אויפגענומען, א רחבותדיק־ליכטיקער אַפּאַרטאַמענט אויף דעם פינפטן שטאָק, וואָס קוקט מיט נגידישער באַישובטקייט אויף דעם חנפולן אַטלאַנטיק. א פיין באַזונ־דער צימער פאר אים, שיין אויסגעמעבלירט. א בעט מיט שנייווייסן בעט־געוואַנט, פאַרדעקט מיט א פליושענער קאָלדרע. די גרינע דריבנע פרענזע־לעך פון אָט דער קאָלדרע קיצלען דעם ווייכן קילעם אויפן דיל. א וויג־שטול וואָס הוידלט זיך ביים מינדסטן צוריר, גלייך ווי ס׳וואָלט געבעטן יעדן איינעם זיך ברייט אַוועקצוזעצן, א ציגאַר פאַררויכערן און קוקן אויף ווייטע האָריזאָנטן, גלאַט־אַזוי, מיט א פּאָר גאָרניט־זאָגנדיקע אויגן.

ס׳איז אים אַפילו געווען פריקרע צו צוזען, ווי אזוי מ׳טאַנצט אַרום אים, ווי אזוי מ׳זאָרגט זיך וועגן אים, גלייך ווי וועגן א בן־יחידל, וואָס האָט נאָר וואָס זיך אויסגעטשוכעט פון א שווערער קראַנקהייט. אַלעמאָל איז זי אָנגעלאָפן, די גוטהאַרציקע מיט שמאַלץ־אָנגעפּעלצטע מומע און מיט בלויע, פאַרזאָרגטע אויגן זיך געבעטן: „קלמעלע א גלעזל מילך” און שפּעטער: — „קלמעלע, פרישטיק”. און ווידער: — „קלמעלע קום מי־טיק עסן”...

אָפּט, זייער אָפּט האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אין אָט דער געטריי־שאַפט: ניט אַנדערש ווי אָט די מענטשן זוכן אזוי ארום אויסצוצאָלן א גרויסן חוב, וואָס לאָזט ניט רוען זייער געוויסן. זיינען זיך מענטשן גע־זעסן אין זאַטן, זוניקן לאַנד, אזוי גן־עדנ׳דיק זאָרגלאָז, ווייט פון אַזאַ אַלץ פאַרניכטנדיקן גהינום, ווען אייגן בלוט און פלייש האָט דאָרט געברענט אין א גרויסן ים מיט פייער... הע... הע... ווען עס געשעט א שטייגער

דאָסזעלביקע מיט זיי... ווען פונקט קאַפּויער... מסתמא זיינען זיי אויכעט באַהערשט פון יענעם פייניקענדיקן נייגיר, ווי פיל אַנדערע אין די באַ־געגענישן מיט אים — אויספרעגן, און דערמיט ווידער אויפבלעטערן א פינצטער קאַפּיטל פון א שוואַרצער נאַכט, פון יענע בלוטיקע געשעענישן... נאָר א דאַנק גאָט, זיי לאָזן אים צורו און דערפאַר איז ער זיי דאַנקבאַר.

די ווייסזאַמדיקע פראַיע, איז מחיה׳דיק ווייך. זי ליבט זיך מיטן העל־גרינעם און רואיקן אַטלאַנטיק. זי לאָזט זיך צערטלען פון זיינע שניי־ווייסע קליינע כוואַליעכלעך. אַזעלכע מאָמענטן פרישן אָפּ דאָס האַרץ און דאָס געמיט ווי א פרילינג ווינטעלע און עס טויכן אויף נייע האָפענונגען אויף א פרייער וועלט. ניטאָ מער קיין זכר פון נעכטן, ס׳קימערט ניט דער מאָרגן, נאָר דער היינט. און דער היינט, ווי א פּרעכטיק שיין מיידל, העל פאַרביקער פון דער שענסטער בלום, לויפט אים אַנטקעגן, גלייך ווי זי זינגט, גלייך ווי זי שרייט זינגענדיק: „קום, קום שנעלער, מירן טאַנצנדיק זיך פאַר־געסן, אַזוי ווי וויכערם וועלן מיר זיך ארומדרייען״...

נאָר אָט פאַרשווינדט ווידער די פרייד, ווי טוי ערב זונענאויפגאַנג. ער דערפילט זיך ווידער עלנט און קוקט פאַרצווייפלט אויף ווייטע וואַסער־האָריזאָנטן, וווּ שוין יאָרן און יאָרנלאַנג דוכט זיך, באַווייזט זיך ניט אַפילו א קליין פינטעלע, כאָטש א זעגל־שיפעלע, וואָס זאָל אויפ־וועקן מוט און האָפענונג. דאָס קווויטשען פון א מעווע וואָס פליט נאָענט צום אויבערפלאַך פון וואַסער אין גערעג נאָך א פישעלע, וועקט אים אויף. אָט שניידט זי זיך איין מיטן שאַרפן שנאָבל אין וואַסער און דערבייי בלייבן אירע פליגל ברייט צעשפרייטע פון אויבן. זי קערט זיך אום צו־ריק ליידיק. דאָס פישעלע איז פאַרשוווּנדן. זי ווערט ניט מיד, איינגע־עקשנט פליט זי ווייטער, זוכט, נישטערט. דערמאָנט זיך קלמן: מיט אים איז עס ערשט ניט לאַנג געשען. אָבער ערגער, אַנדערש. נו אַוודאי, ניט ווי דאָס קליינע פישעלע, וואָס האָט אן אומענדלעך פרייען ים פאַר זיך, נאָר ווי אן עלנט פאַרבלאָנדזשעטע פליג וואָס חלומט מיטן זומער און האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין א שפינוועבס. זי צאַפּלט זיך, זי ראַנגלט זיך, זשו־מעט וויינענדיק, קיינער הערט אָבער ניט. ניין, ניין, קיינער קאָן זי ניט

באַפרייען. אַפילו חלומען מיט א באַפרייער איז איבעריק. ווייל ס׳וועט קיינער ניט קומען צו אָט דעם פינצטערן ווינקל, ס׳וועט קיינער ניט וואַגן אהין צו קומען. צעפינעט זיך דעמאָלט א צאָרן אין אים, פונקט ווי דער אַטלאַנטיק ווען ער שטורעמט בייז און שרעקט מיט הויכע וואַסער-בערג.

לאַנגווייליק, איבעריק ווערט דאָס ליגן אויף דער פראַיע. אומרו שטויסט אים אַוועקצולויפן, לויפן ביזן אַנטלויפן פון זיך, פון שווערער לאַסט וואָס דריקט ווי א פעלדז, ממש צום דערשטיקן. דערשיינט אָבער פּונקט דעמאָלט ווי א ליכט-שטראַל די זייער יונגינקע פאַני, און וועקט אים אויף פון זיין טשאַדנדיקן קאָשמאַר. צופעליק איז געווען די ערשטע באַגעגעניש מיט איר, צופעליק די באַקאַנטשאַפט. א חנוודיקע ברונעטקע, אין א פיין-צוגעפּאַסטן ניילאָנענעם באָד-אַנצוג, וואָס ריסעוועט בולט אויס די מינדסטע דעטאַלן פון א גראַציעזן קערפּער, איז לעבן אים אויסגע-וואַקסן אין אַזאַ-אָ פריכואָרגן. א קיילעכדיק 18-יעריק מיידלש פנים׳ל, האָט מיט גרויסע פעך-שוואַרצע אויגן, געוואַרעמט זיין אויסגעברענטן געטאָ-צייכן אויף דער האַנט. זי האָט ווי אַן אַלטע באַקאַנטע זיך אַוועק-געזעצט לעבן אים און אָנגעהויבן רעדן מיט א שטומפּיקן, אָבער מלא-חנוודיקן יידיש:

— דו ווייסט... איך אויך א יידישע...

— קאַרלאָס...

— פאַני.

— וואָס דו אזוי אומעטיק? — איז די ערשטע טאָג-טעגלעכע פראַגע אירע — העי סעניאָר קאַרלאָס, שלאָף ניט . . .

קלמן שווייגט. אומרואיק ווערט ער באַגעגנדיק אירע בליקן. אזעלכע אויגן, אָ אַזעלכע אויגן, זיי ברענען דאָך מיט לעבן. ס׳אַראַ וואַרעמקייט! ס׳אַראַ פאַרשיכורנדיקע ריחות פון אָט דער עקזאָטישער בלום! צוריק מיט יאָרן, וואָלט עס זיכער געשען: אָט דאָס נעזל, אָט דאָס פּיסקעלע, וואָלט ער באַשאָטן מיט ליידנשאַפטלעכע קושן. ר׳וואָלט איינגענורעט זיין נאָז אין איר האַלדז, אין איר בוזעם און פון ליבע פאַרשיכורט איר צוגעזאָגט, אַפילו די שטערן פון הימל א מתנה צו ברענגען! אָבער איצט...

אַט זיצט זי, איינגעגראָבן מיט אירע אויגן אין זיינע, דערוואַרטנדיק עפּעס א צוזאָגנדיקן שמייכל ,גלייך ווי ארויספאָדערנדיק פון זיינע פאַרשלאָסענע ליפּן א וואָרט, וואָס האָט זיך דאָרט צווישן זיי באַהאַלטן און וואָגט נישט ארויסגעזאָגט צו ווערן. און וויפּלמאָל, האָט ער איר לעצטנס, אומדי־רעקט געגעבן צו פאַרשטיין: „אזוי, אזוי פאַני, איז דאָס לעבן: חלומט א מענטש יאָרנלאַנג מיט אַן „עפּעס" און ווען דערדאָזיקער קומט ענדלעך, און בעט זיך ממש: „איך בין דאָ, נעם מיך", בלייבט ער שטיין פונדערווייטנס, אַנמעכטיק, געליימט. ווייל עפּעס גרויזאַמעס איז אין דער צייט געשען, וואָס דערלאָזט נישט, דערלאָזט נישט... פאַר־שטייסט?...

פאַני שאָקלט מיטן שוואַרץ באַקרוינטן קאָפּ און דערביי צעפּליען זיך די שוואַרצע האָר, פאַרדעקן איר קליינינקן שטערן, אירע אויגן. א פאַר־טראַכטע, זופט זי דורך פולע זשמעניעס זאַמד: „איך פאַרשטיי ניט"...

— אַט פאַני — וויל ער איר ווידער קלאָר מאַכן — פאַראַן מענטשן וואָס ליבן נאָרמאַל און פאַראַן מענטשן וואָס „מוזן" גאָר ליבן אַנדערש... פונווייטנס... דערווייטערט....

און פאַני, פלינק ווי א הירשין, שפּרינגט אויף פון איר פּלאַץ. זאָרג־לאָז וואַרפט זי זיך אין די רואיקע וואַסערן. אַט כאַפּט זי אויף דער אַטלאַנטיק מיט הייסער ליבע, און זיינע וואַסערן פאַרדעקן זי ווי מיט א מאַנטל. אַט טויכט איר קערפּערל אויף. די נאַסע האָר זיינען צוגעקלעפּט צום פּנימל. זי לאַכט הויך. ווידער שטייט זי לעבן אים. א פרישקייט ווײ־עט פון איר, און ליפּן טעמ'ען ווידער די פּאָר ווערטער אירע: „סעניאָר קאַרלאָס, איך פאַרשטיי ניט"...

זיסע פאַני! וויפל גליק ליגט באַהאַלטן אין די פּאָר ווערטער דיינע: „איך פאַרשטיי ניט"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן טישל ביים בעטל האָט געוואַרט א בריוו. פונוואַנען קומט ער אין דעם ברודיקן קאָנווערט, און פון וועמען? פונעם קליינעם בעסאַראַ־ביער שטעטל, ביים שטילן דניעסטער, וואָס ער האָט צוריק מיט יאָרן פאַרלאָזט? — ניין, ער גלויבט ניט! פונעם ליבן שטעטל איז זיכער א הויפן

שטיינער פאַרבליבן. פון יענער הייליקער ערד, יאָמערט עלנט דאָס אומ־שולדיקע בלוט. די האַנט ציטערט ביים באַרירן דעם בריוו: פון דייטש־לאַנד... פון דייטש־לאַנד! פון גרעטכען. די בלאָנדע אַריערין האָט אים אויפגעזוכט. די שפּראַך, ווי אַמאָל: „מיין שאַץ"...

פאַר די אויגן וואַלסירן פייער־רינגען אין א קרייז. זיי רעדלען זיך. אַזאַ גורל פון א מענטשן! ער, א נאָך טליענדיקע האָלעוועשקע, האָט גע־מיינט אַז אַלע בריקן אַהין האָט ער פאַרברענט. דייטשלאַנד? ניין! — בלוט־לאַנד. גרעטכען... „מיין שאַץ" — רופט זי אים...

א געציילטע פאַר יאָר אין דעם, גאָט מיינער, און דוכט זיך שוין אַן אייביקייט. קלמן האָט זיך דעמאָלט אויסגעדרייט מיט א פּאָר ברייטע פּלייצעס צו זיין בעסאַראַביער שטעטל, א פאַרבענקטער נאָך ווייטע לענ־דער, שטעט, מענטשן. מיטגעפירט מיט זיך צוואַנציק זאַטע און קרעפּ־טיקע יאָרן קיין דייטשלאַנד. אין דער שטאָט ב. אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין א פאַבריק. געוואָרן א סאָציאַל־דעמאָקראַט, געגלויבט אין מענטשן, אין הייליקייט פון יחיד, געזעלשאַפט און פעלקער. געגלויבט אין פרומער צוקונפט. עס פעלט נאָר איין זאַך: מ'דאַרף נאָר אויסראַמען ס'לעצט ביסל אומריינקייט, אויסלייטערן די הערצער פון מענטשן, זייערע געדאַנקען, זיי זאָלן גרייט זיין אויפצונעמען דעם נייעם מאָרגנרויט. ניט מער, און ניט ווייניקער! און אַז מ'איז יונג, און אין שטאָט ב. דערצו, זוכט מען אויס א „גרעטכען" מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ. איר פאַרשטאָרבענער פאָטער איז אויך געווען א סאָציאַל־דעמאָקראַט. זיין פאָרטרעט אויף דער וואַנט: אַן אָנגעפרעסן, הזיריש פּנים, אָנגעזופּט מיט א סך ביר־שאָפן, אָנ־געפרעסן מיט פעטן ווורשט. וואַנצעס פאַרדרייטע, ווי ביי א יונקערישן גענעראַל, א ליולקע אין מויל וואָס דוכט זיך הערט גאָרניט אויף צו טשאַ־דען. ווען ער לעבט וואָלט גרעטכען אים פּונקט אַזוי פאַרגעשטעלט, מיט די זעלביקע ווערטער, ווי פאַר איר „מוטי": „פאָטערשען... מיין שאַץ"... און ער וואָלט זיכער מיט זיינע שמאַלציקע הענט געדריקט קלמנס: „עס פרויט מיך זייער... גענאָסע... קאַמעראַד...

„גרעטכען"... א געזונטע פעסט־לייביקע בלאָנדינקע. בלויע אויגן, א לייב וויים ווי אַלפּנשניי און אין פּערפיל א ווענוס. נאָר אירע ליפּן בעטן שטענדיק איינס און דאָסזעלביקע: „קאַרלשען... מיין זיס קערלשען, קיס מיש"....

אין די פֿאַרנאַכטן, אין פֿאַררויכערטן ביר-הויז, צוזאַמען מיט אָטאָן און זיין מיידל, טרינקט מען, זויפֿט מען און מען רויכערט. אָטאָ, דייטש-סענטי-מענטאַל, דריקט אים פֿעסט צו זיך: „פֿרוינד... מיין ליבער פֿרוינדע..." ר'איז דאָך אויך א סאָציאַל דעמאָקראַט, א קלייניקייט, גענאָסע!

„מיין שאַץ"....

דער בייזער היטלער-שטורם האָט אָנגעיאָגט! און זע נאָר, ווי דאָס שטומע לעמעלע, וואָס האָט רק געבעטן ליבע, האָט אויסגעשטשירעט מיטאַמאָל וועלפֿישע ציין, אַזעלכע שאַרפֿע, אַזעלכע שלאַנגיש-גיפֿטיקע:

— „קאַרל דו מוסט מיך פֿערלאַסן ,זאָפֿאָרט!"

נישט קיין וויינענדיקע געזעגענונגס ווערטער, נאָר דייטשיש שטרענ-גע, באַפֿוילערישע.

— דו שפּאַסט מיין פּופּכען, ס'איז דאָך ניכט צום גלאַובען.

טרוקענע ווערטער ווי האַרבסט-בלעטלעך, שיטן זיך פֿון איר מויל:

— „דער פֿיורער פֿאָדערט געהאָרכזאַמקייט.... איש בין אַריערין, דו-ו יו-ו-דע!..."

דער גלויבן אינעם מענטשן האָט זיך ביי קלמנען אָנגעהויבן אויס-ווען, ווי ס'וועפּט זיך אוים א צאַרטער געדוך פֿון אן אויפֿגעפּראַפּט פֿער-פֿום-פֿלעשעלע. אוים מאָרגן, אוים העל-באַזונטע האָריזאָנטן. א תהום האָט זיך געעפֿנט, זיין פּיסק האָט אים איינגעשלונגען. עס שליידערט מיט אים דאָרטן, ווי מיט א שפּענדל און קיין רעטונג איז נישטאָ.

* *

*

אָטאָ, דער געוועזענער סאָציאַל-דעמאָקראַט, זיצט איצט הינטער א גרויסן היטלער פּאָרטרעט, מיט א שוואַרצן האַקנקרייץ! ער קוקט ניט צו אים, ער זעט אים ניט. דאָס באַמאַנאַקלטע אויג האָט זיך איינגעגראָבן אין א פּאַפּיר. אין מוראדיק-שטילן קאַבינעט זיינען פֿאַרבאַהאַלטן אָנגע-שטעלט טויזנטער אויערן, וואָס הערן זיך צו. אָטאָ לייענט ווערטער אוים-

געצויגענע, יעדער זילב ווערט אויסגעפּרעסט דורך זיין צונג, די שטומע פּאַנפּעוואַטע:

— קאַ־אַל־מען גאָלד־שטיין, אָ־אָסט יו־דע, געקומען קיין דויטשלאַנד יאָרע 1931. באַשעפטיקונג מעכאַניקער, סאָציאַל־דעמאָקראַט, זאָ... זאָ... זאָ... איז אייך פיליכט בעקאַנט איין דויטשעס פרוילין נאַמענס גרעט־שען?

א נייעס פאר דעם בופלאָקס, וואָס האָט אַזוי אויגנבליקלעך שנעל אַלין אויסגעמעקט פון זכרון:

— יאַוואָל עקסעלענץ.

א ציניש שמייכעלע שניידט אוים א קנייטש, ווי א טיפן שניט, נאָענט לעבן מאַנאָקל. עס געפּעלט אים הפנים, דער טיפישער קורץ סאָלדאַטי־שער ענטפער, עקסעלענץ.

— האָבען זי פאַרקערט מיט איר?

א פראַגע! נו, אוודאי, געווען א פּעכקע די דייטשע קו, אזוי ווי אויף רעסאָרן: — צוויי יאָרע עקסעלענץ.

— אַ־אוך לעצ־טענס?

דאָס קנייטשעלע לעבן מאָנאָקל איז אַנטרינען, ס׳גאַנצע פּנים בייז־בלוטיק אָנגעצונדן, ווערט פאַרשפּיצט, מעסערדיק שאַרף:

— דאָנערוועטער! אַוך לעצטענס?

דוכט זיך, אז פון קריצעניש, וועלן באַלד זיינע אייזערנע ציין זיך צע־קרישלען. קלמנען ווערט היים, אָטעם פּעלט אים אוים.ביים טיש זיצט זיין אמאָליקער „פּרוינדע" און „גענאָסע" פון ביר־הויז, פּויקט אין טיש, אַקאָמפּאַנירנדיק דאָס גרילצנדיקע זינגען פונעם רופּיאַנישן האָרסט־וועסל ליד, וואָס דרינגט אַהער אריין פון צווייטן צימער: זאָ... זאָ... זי זינד פריי... אַאוף ווידערזען!

דערדאַזיקער „אויף ווידערזען" האָט געשראָקן. דאָך האָט ערגעץ־ווו אין מח אויפגעשיינט א פּיצעלע האָפענונג: אַנטלויפן. לויפן אין דער

שווייץ, אָדער אין א צווייטן לאַנד אריין. און גרעטכען? ר'וועט צו איר גיין. ער גלויבט ניט אין אירע ווערטער. עמעץ האָט זי זיכער דערצו גע־צוווּנגען. ס'איז דאָך אוממעגלעך. פאַרברענגען א צוויי־יעריקע אידיליע אין א פּאָר מינוטן! ניין גרעטכען, ניט אזוי דאַרף עס צו זיין. איז דאָך איר פאָטער אויכעט געווען א סאָציאַל־דעמאָקראַט. אַלע מענטשן זיינען גלייך, אַלע. ער וועט איר זאָגן: „גרעטכען, ליבע איז ניט באַגרענעצט. ליבע ווי א רעגנבויגן איז באַהנט מיט אַלערליי קאָלירן. ס'איז גלייך צוגענגלעך פאַר יעדן. מעג עס זיין יוד, דויטש, ווייסער, געלער, שוואַרצער... נאָר אַזוי דאַרף מען עס פאַרשטיין. נאָר צוליב דעם מוז געווידמעט זיין אונדזער עקזיסטענץ, אונדזער לעבן... אונדזער לעבן...

פיר הענט, פיר אייזערנע צוואַנגען, האָבן אים איינגעקלאַמערט. לעבן אים זיינען אויסגעוואַקסן צוויי געסטאַפּאָ־העלדן. מענטשן? ניין, צוויי שטאָלענע טאַנקען: קום!

— וווּהין מיינע הערן?

— שוויינג יודע.. הור... שענדער פון דויטשער ראַסע...

אַן אייזערנע פויסט האָט א פּלאָם געטאָן צווישן זיינע אויגן. א שאַר־פער ווייטיק. פייער ראָדן פאַר די אויגן. א צווייטער מעכטיקער פויסט, האָט זיך איינגעשניטן אין האַלדז און נאַקן. דער קלאַפּ איז שוין שטאַר־קער. ער שלעפּערט. דער קערפּער ווערט בליי־שווער און די פיס קוים וואָס זיי שטייען. וואָס איז געשען מיט אים דערנאָך? צי איז דעמאָלט געווען טאָג, צי נאַכט. ר'האָט געפילט בחוש אז זיין גאַנצער גוף איז פּאַראַלי־זירט. ער שלאָפט. אוממעגלעך זיך א מינדסטן ריר צו טאָן. ער פאַלט, זינקט יעדעס מאָל טיפער אין א טיפן גרוב און דאָרט איז די היץ אַזוי אומדערטרעגלעך. א דורשט פייניקט. אוי, כאָטש א טראָפּעלע וואַסער דעם גומען צו דערקוויקן. ס'האָבן מענטשן גערעדט איבער אים. הויך צי שטיל, ר'האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. יעדעס אריינגעגנבעטע וואָרט אין מח, האָט אָנגעהויבן קאַרוסעל־אַרטיק זיך דרייען. אַזעלכע משונהדיקע קלאַנגען, א טרומייטערן, אַן אויפרעגנדיק קריצן, אזוי ווי דאָס קריצן פון א שאַרפנ־דיקן מעסער. ס'האָט אזוי געגודעט, ס'האָט אזוי זיך געוואָלט באַפרייען פון דעם דאָזיקן זשומען אין די אויערן. א קצב, ווייס באַכאַלאַטעוועט, באַ־

וועגט זיך שנעל ווי אַ טעקל אין אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער; זיין שאַרף מע־סער בלישטשעט. עס שניידט זיך איין אין שלאָפנדיקן, ווי פאַרגליווערטן פלייש, שניידט... שניידט... שניידט...

מענטשן אין פאַרטוכער. אַזעלכע משונהדיקע פנימער, אויסגעקרימ־טע, צעפלעטשטע, אויערן אין דער ברייט צעצויגענע, נעז לאַנגע און שאַרפע, ווי ביי אויסגעמאָלטע כישופמאַכערינס און רוחות אין די קינדער־מעשה׳לעך. עמעץ האָט געלאַכט, עמעץ האָט געזונגען און פאַר די אויגן איז געשטאַנען אַנגעצילט אַ פינגער, ווי אַ דראָענדיקער רעוואָלווער, וואָס האָט קאַלטבלוטיק געטייטלט: זאָ... זאָ... זאָ...

און שפּעטער אין אַ פייכטן צעמענטירטן קעלער. פון מויל זעצט אַן איבלדיקער כלאָראָפאָרם־ריח. אַ חשק אַלעמאָל צו ברעכן. ליפּן בעטן זיך ציטערדיקע, ווי תפילה טוענדיק: וואַסער, וואַסער... די אויגן כאַפּן אַ קורצווייליקן דרימל און באַלד עפענען זיי זיך צוריק אויף דערשראָקענע. ער פרעגט ביי דער שטילקייט:

— שוין שפּעט?

פון פינצטערניש ענטפערט אַ שטימע:

— זיי רואיק.

— ווען וועט טאָג ווערן?

— דאָ טאָגט ניט. דאָ געוועלטיקט די נאַכט.

— וואָס איז געשען מיט מיר, גאָט מיינער?

— דאָסזעלביקע וואָס מיט מיר. קאַסטרירט.

אין יענעם מאָמענט האָט ער דוכט זיך ניט געהעריק קלאָר אויפגע־כאַפּט דאָס לעצטע וואָרט. ער ווייסט ניט פאַרוואָס. ר׳האָט דעמאָלט זיך דערמאָנט אין זיין שטעטל, ביים דניעסטער. אויף די ירידים, פלעגט ער קינדהווייז ליב האָבן אַרומצוגיין. איינמאָל האָט ער געזען, ווי מ׳האָט אַ גע־בונדענעם אָגער אַוועקגעלייגט צו דער ערד. מענטשן האָבן זיך אַוועקגע־זעצט אויף זיין קאָפּ, אויף זיין בויך, און אים קאַסטרירט. ער געדענקט

ניט. אוממעגלעך זיך איצט צו דערמאָנען, טראַץ זיין אָנשטרענגען זיך: צי האָט דעמאָלט דער אָגער געשריען הירזשנדיק, צי ניין? צי האָט ער?... צי האָט ער?....

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בריוו א צעקנייטשטער, האַלב צעריסן אויפן דיל. קלמנס פּנים האָט זיך ווי פאַרשעמט פאַרן ליכטיקן דרויסן ,איינגעגורעט אין קישן. זיי־נע ליפּן פליסטערן שטיל, בעטן זיך פרעגנדיק, ביי גאָט, צי ביי מענטשן: פאַרוואָס? פאַרוואָס...



דער טראַמוויי אײַלט, שנײַדט דורך לאַנגע וועגן און שלינגט זיי איין, פֿאַרקירעוועענדיק זיך, פֿון צײַט צו צײַט, אין שמאָלינקע געסלעך. די חמימה איז אומרחמנותדיק, זי שלאָגט פֿון צעהיצטן אַספֿאַלט, פֿון צעמענט און בעטאָן. א ווינטעלע באַגעגנט אַלעמאָל דעם טראַמוויי מיט א היץ ווי פֿון א צעגליטן אויוון.

אָט בלײַבט שטיין דער טראַמוויי. מענטשן שטײַגן אָפּ, מענטשן קרמען ארויף. זיי זעצן זיך אַוועק מידע, ווישן אָפּ נאַכלעסיק דעם שווייס פֿון די נערוועאיש־פֿאַרקרימטע פּנימער און העלדזער, מיט נאַסע נאָז־טיכלעך. כ׳אַ צײַט, ווען יעדער איינער זוכט צו אַנטלויפֿן, אָפּרו צו געפֿינען ערגעץ אין א באַרגיקן געגנט, ווען יעדער איינער חלומט מיט א ביסעלע פֿרישער לופֿט, וועגן אויסציען זיך נאָזנדיק אונטער א געדיכט־באַבלעטערטן בוים, כדי צו קענען כאַפּן א געשמאַקן דרעמל.

אָט באַלד ווערט אָנגעפּיקעוועט דער טראַמוויי, ניטאָ מער קיין פּלעצער צום זיצן. שטייט מען. אַן עלטערע פֿרוי באַקלאָגט זיך: אַז אַלץ ווערט פֿאַרשווונדן מיט דער צײַט. געוויסן — א זעלטנקייט; רעספּעקט — א נעכטיקער טאָג. זאָל כאָטש איינער פֿון אָט די דאָזיקע יונגעלײַט א טראַכט טאָן, זיך אויפֿהויבן: „זיצט מאַדאַם"!...

א יונגערמאַן צעשמייכלט זיך, דערבײַ ווישט ער אויס מיט ישוב־הדעת די ברילן: אַנדערע צײַטן מאַדאַם. גלײַכע רעכט. פֿרויען באַנקאָנגעשטעלטע, פֿרויען הויכע באַאַמטע, אין אַלע דעפּאַרטאַמענטן זײַנען זיי דאָ מיט זייער פּודער און שמינקע.

— אַפֿילו די קליידלעך — האַקט אַרײַן א צווייטער — טויגן שוין ניט. מעשה מענער טראָגט מען הויזן, מ׳דרויכערט ציגאַרן, מע... הע... הע...

פּלוצים שטעלט זיך אָפּ דער טראַמוויי. דער מאָטאָריסט קלאַפּט נערוועאיש מיטן פֿוס, קלינגט, בעט פֿרײַ צו מאַכן דעם וועג. א נעכטיקער טאָג!

ער זעצט זיך אַוועק, צוערשט גיט ער א פאַרדריי זיינע געדיכטע וואָנצעס, דערנאָך פאַררויכערט ער א ציגאַר: אדרבא — טענה'ט ער — ווען מיר הערן.

ס'איז ערב וואַלן. אויף אויטאָס מיט עמבלעמען פון פאַרשידענע פאַרטייען האָט מען אַוועקגעשטעלט הויכרעדנדיקע מיקראָפאָנען, און זיי גרילצן אריין יעדן איינעם אין די אויערן מיט הבטחות און האָפענונגען אויף בעסערע צייטן. אינמיטן דערינען, האָט איינער פולע זשמעניעס פּראָפּאַגאַנדע צעטלעך צעשאָטן. זיי צעפליען זיך ווי פליטערלעך אין דער לופטן, דערנאָך פאַרדעקן זיי די גאַסן, בלייבן ליגן אויפגעדעקטע, מיט זיך בעטנדיקע אותיות. פאַרבייגייערס בויגן זיך אָן, הויבן זיי אויף. אייניקע באַהאַלטן זיי אין די קעשענעס, אַנדערע צעקנייטשן זיי מיט די זשמעניעס ווי העסלעכע פליי.

דער מאַטאָריסט, אַן אַלטער פּאָרטוגעז, נעמט ארונטער ס'היטל, און ווישט דעם שווייס פון זיין גלאַנציקן פּליך. זיינע בליקן זיינען איצט גע־צילט צו יענעם יונגן אַרבעטער, דעם „רויטן". ער שטייט מיט א פּלאַקאַט אין די הענט. דער אויסגעמאָלטער אַרבעטער, דאָרט אויפן פּלאַקאַט, איז ענלעך צו אים. פעסט, מוסקלדיק, האַלב נאַקעט, ס'פּנים אויסגעשמירט מיט סאַזשע. זיין מויל, זיינע אויגן זיינען ברייט צעעפנט. ער שרייט דוכט זיך פּונקט ווי זיין חבר ביים מיקראָפאָן.

— זאָג זיי אריין ברודערל — שרייט דער מאַטאָריסט — גיב דער וועלט א באָד. זי איז געגנוג שמוציק... — און אַראָפּלאָזנדיק די שטימע — גאָט זאָל מיר מוחל זיין... דער עולם פּאַטשט בראַוואָ. דער אַרבעטער טענה'ט, וואָרנט: כ'בין דאָס פאָלק, כ'רעד אין אייער נאָמען. נאָר מיר פילן אייערע ליידן, ווייל מיר ליידן. מיר וועלן פאָדערן, מיר זיינען ניט קיין שאַרלאַטאַנעס וואָס זאָגן צו, און דערנאָך דרייען זיי זיך אוים מיטן רוקן צום פאָלק. שולן, האָספּיטאַלן פאַרן פאָלק...

— בראַוואָ, כ'האָב געוווּסט — שרייט ווידער באַגייסטערט דער מאַ־טאָריסט, און זיינע אויגן לויכטן אויף ווי הימל האָריזאָנטן נאָך א שטורעם — איך האָב געוווּסט, אַז אָט דער באַרוועסער וועט זיי אריינזאָגן...

ס׳איז שטילער געוואָרן. דער טראַמוויי רירט זיך ווידער. א פּראָפּאַ־גאַנדע מיקראָפאָן צוגעטשעפּעט צו א טעלעגראַף־סלופּ, האָט זיך אײַנ־מיטן דערינען פאַרגעסן, און זיך צו׳זמרט מיט בראַמס אונגאַרישן טאַנץ. די זיסע טענער דרינגען אריין אין יעדן ווינקעלע פון דער נשמה. מענטשן וואָלטן זיך איצט אפשר פאַרטראַכט, און זיך צעחלומט מיט בלאָנדע קאָרנזאַנגען, וואָס כוואַליען זיך רייפע, שפּעט־זומערדיקע אויף פעלדער. מיט בילדער צעהעלטע, וועגן זאַרגלאָז־שמייכלענדיקע מיידלעך, אין סטענגעס פאַרשידנקאָליריקע איינגעטונקען, וואָס טאַנצן הינטער פרייע בלויע הימלען בראַמס טענץ.

איז אָבער העגדום־פּענדום אויף דעם טראַמוויי אויסגעוואַקסן, א יונ־גערמאַן א פאַצעט, ווייס געקליידט, מיט נעגל מאַניקורטע. ס׳פּנימל ווייס, קאַפּריזנע, און קליינע שוואַרצע, אַלאַ־היטלער וואָנצעלעך, דרייען זיך אַהער, אַהין, ווי דאָס שוואַרצע צינגל פון א שלאַנג, בעת ער רעדט. ס׳מויל זיינס פינעט דערביי, שוימט מיט האַס און צאָרן:

„האָרכט זיי ניט, די קאָמוניסטן, זיי ווילן אונדזער לאַנד צו רוסלאַנד פאַרקויפן. זיי ווייסן ניט פון קיין פאַמיליע, פון קיין פאַטערלאַנד, פון קיין גאָט״...

— זע נאָר ווי דער טכויר האָט זיך צעהוליעט — צעלאַכט זיך איי־נער — מאַך צו דעם אָפּטריט, די מעשה האָט שוין א באָרד.

אָבער די וואָנצעלעך גלייך ווי זיי הערן ניט, פון הינטער זיי שיטן זיך אָן אויפהער ווערטער, ווי אן אויסגעחזרט לידל: און ווער זיינען זיי? זיי זיינען שקלאַפן צו די יידן, צום יידישן קאַפּיטאַל. אָט דאָס דאָזיקע פאָלק וואָס האָט קריסטוסן פאַרקויפט, און זיך באַזעצט ווי א זויגנדיקע פּיאַווקע אויף די פּלייצעס פון אלע פעלקער און זויפט אויס זייער בלוט...

---

אין עק טראַמוויי זיצט איינגעהויקערט א יידישער יונגערמאַן. ערשט מיט איין יאָר צוריק, האָט ער אַהערצו, צו זיין איינציקער שוועסטער גע־שריבן: „ליבע שוועסטער, פון אונדזער משפחה זיינען מיר נאָר זאַלבע־צווייט געבליבן. איך דאָ אין גיהנום, דו דאָרט. כ׳קען דאָ אָבער זיך מער נישט ארומדרייען אויף דעם בית־הקברות: כ׳פיל אז יעדער שטיינדעלע,

יעדעס זעמדעלע וואָס איך באַטרעט, איז אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט. טאָג און נאַכט, הער איך נאָר דעם געיאָמער, די לעצטע ווײ־געשרייען פון אונדזערע ברידער, געפירט צו גאַז־אויוונס...״ ר׳איז געקומען אַהער. דער קאָשמאַר לאָזט אים אויך דאָ ניט רוען. ס׳איז אים דערווידער די באַ־זונטע טעג, די תכלתדיקע הימלען, די פרייע לופט צום איינאָטעמען. אין די נעכט כאַפּט ער זיך אויף מיט שרעקלעכע געשרייען, שרייט נאָך הילף, בעט זיך: לאָזט מיך ניט שטאַרבן, ראַטעוועט מיך, מ׳פירט מיך!....

די גוטע שוועסטער און שוואָגער באַרואיקן אים, צערטלען אים, זוכן אים צו פאַרווײלן. און איצט זעענדיק דעם פּאַצעט, האָט אים אָנגעכאַפּט א פּראָסטיקע קעלט. און כאָטש ער פאַרשטייט ניט די שפּראַך, איז דאָס שנאה׳דיקע גרילצן אזוי גוט באַקאַנט. אָט פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען די צורה פון דעם באַוואָנצלטן היטלער, ווען ער האָט אים אין בערלין אין יאָר 1937 געהערט רעדן. דעמאָלט האָט פאַר די אויגן געשווינדלט. און נאָר מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען, ווי פון יענעם עפּילעפּטיש צעשוימטן מויל האָבן זיך ניט געשאָטן קיינע ווערטער, נאָר שוואַרצע שלענגלעך, בייז צישענדיקע, שרעקלעך גיפטיקע. און די שלענגלעך זיינען זיך צעפלויגן, ווייט־ווייט, לענדער און פעלקער צו פאַרסמען...

א קאַלטער שווייס צערינט זיך איבער זיין גוף. ער פילט ניט ווי דער טראַמוויי דראַפּעט זיך איצט באַרג־אַרויף; ער פילט ניט ס׳פרישע ווינטע־לע, וואָס ברענגט מיט זיך ריחות פון בלומען און גראָזן; ער פילט ניט ווי באַלד וועט דער טראַמוויי אָנקומען אויף א רואיקער באַרגיקער געגנט. און דאָרט איז שטיל, ישישים ביימער און גראָזן זיינען מתפּלל שטילינ־קערהייט, און די „סיגאַראַ״, זינגנדיק, זעגט די לופט מיט אירע לידער. ער טראַכט ניט אז דאָרט ווערט דעם מענטשנס האַרץ אזוי ריין און פריש, ווי פריש און ריין ס׳איז די באַרג־לופט.

עס גרוילט אים, טראַכטנדיק:

— נו, און ווייטער? . . .

אין מיין פאָטערס הויז האָב איך קינדווייז צו קיין חפץ זיך ניט באַ-
צויגן מיט אזויפיל יראת-הכבוד ווי צו מיין טאַטנס קאַפּאָטע. פון אַן עכט
שוואַרצן עסטרייכישן שטאָף איז זי געווען געמאַכט. כאָטש די יאָרן האָבן
שוין אריינגעשמוגלט אין אייניקע ערטער טונקל-גרינע פלעקן, און דער
סאַמעטענער אונטערשלאַק האָט זיך ערטערווייז אָנגעהויבן צו צעשיטן,
האָט די קאַפּאָטע פונוויטנס נאָך אַלץ אויסגעזען ווי כמעט ניי. איך גע-
דענק די ערב שבתים ווען מיין פאָטער, קומענדיק פון שוויצבאָד א בור-
ראַק-רויטער, פלעגט אָנטאָן די קאַפּאָטע און קוקנדיק אויף איר, אָפּטמאָל א
זיפץ טאָן שטיל און מיר איינרוימען: ס'אַ ירושה פון דיין זיידן הערש...

מיין פאָטער פלעגט מיר זייער ווייניק דערציילן וועגן זיידן. נאָר בע-
רישל, אונדזער קליינוווקסיקער אַלטער שכן, האָט אָפּט מיך דערזעענדיק,
זיך דערמאָנט אָן אים:

אַ, דאָס הייסטו הערש? — א טייערן זיידן געהאַט

און א שמעק טוענדיק פון טאַבאַק-פושקעלע, פלעגט ער צוגעבן: —
געשטאָרבן א זקן, אַריבער די אַכציקער, א שטילער, אן ערלעכער ייד.

יאָ... יאָ... געווען... און וואָס ווייניקער כ'האָב וועגן מיין זיידן גע-
ווּסט, אַלץ מער האָט מיין קינדערישער כוח הדמיון זיך געפלייסט,
אים אויסצומאָלן אין די העלסטע פאַרבן פאַר מיינע אויגן. ווען מיי-
נע בליקן פלעגן זיך באַגעגענען מיט דער הענגענדיקער קאַפּאָטע אויף
דער וואַנט, פלעג איך מיר אויסחלומען מיין זיידן אין געשטאַלט פון
א הויכוווקסיקן זקן מיט א מילדן פנים, באַצירט מיט א לאַנגער זילבער-
נער באָרד. ער שמייכלט ליב-האַרציק צו מיר, ער הוידעט מיך אויף זיי-
נע קני צוברומענדיק א לידל. אָדער ער פירט מיך גאָר ביי דער האַנט,
שפּאַנט מיט מיר באַשובט, נשמה-יתירה'דיק אויסערן שטעטל, צו דער
גרינער טאָלעקע, כ'זאָל דאָרט א ביסעלע הוליען.

אָט זע איך אים אין דער געשטאַלט פון גרייזגראָען שמש פון דער שניידערישער קלויז. גלייך ווי א ווירע, פאַרפוצט אין דער קאַפּאָטע, שפּאַנט ער געלאַסן אין זומערדיקע שבת-פאַרטאָגן אין שול אריין. דאָרט צעפראַלט ער ברייט די פענצטער און זעצט זיך אַוועק ביי א שטענדער. באלד דערהערט זיך מתיקותדיק, דער אַלטער אויסגעצויגענער תהילים-ניגון וועלכער צעגיסט זיך איבער דער דרימלדיקער גאַס און מישט זיך צונויף מיט ריח פון אַקאַציע און צאַרטן בעז.

מערקווירדיק! — נאָר שבת-יומטובדיק האָט מיין דמיון אים אויסגע-מאָלט, אָן א מינדסטן קנייטשעלע אויפן פּנים. און שטענדיק אין זיין קאַפּאָ-טע אויף חתונות, בריתן, בר-מצווה׳ס. אין די טיפע קעשענעס פון דעם דאָזיקן בגד, ברענגט ער מיר צו טראָגן א שטיקל פלאָדן אדער א גרויס שטיק האָניק-לעקעך: עס, עס מיין קינד, ס׳איז פון א בר-מצווה, ס׳אַ מצווה דאָס צו עסן . . .

און טאַקע דערפאַר האָב איך אָפט אַזוי גענישטערט אין די קעשע-נעס, געטראַכט, אפשר צו געפינען כאָטש קרישקעלעך דאַרינקע פון אָט יענע זיסוואַרגן. און אָט אַזוי זוכנדיק איינמאָל, נאָך א שטאַרקן שלעפּ-טאָן, האָט זיך איבערגעריסן דער הענגער, און די קאַפּאָטע איז אַראָפּ-געפאַלן. מיין טאַטע האָט מיך דערפאַר אָנגעקוקט מיט כעס. איך האָב געוויינט, אָבער די מאַמע האָט מיך באַרואיקט: ס׳איז גאָרנישט, גאָרניט זונעניו, וויין ניט, כ׳וועל באלד דעם הענגער צונייען. איך האָב דעמאָלט א נדר געטאָן די קאַפּאָטע אָפּצוהיטן. צווישן מיר און איר זיינען פאַרגעקו-מען אָפטערע געשפּרעכן. אין ווינטער-פרימאָרגנס פלעג איך אריינברענ-גען א טעלערל, מיט פּוכיקן ווייסן שניי, איינטונקען דאָס בערשטל און בערשטן, רייניקן, פּוצן די קאַפּאָטע, גלייך ווי מקיים זייענדיק א מצווה. מיין פאָטער פלעגט פונוויטנס כאַפּן א זייטיקן בליק צו מיר און שמייכ-לען צופרידן.

אַך, שוין אַזויפיל יאָרן פאַרביי. אַך וויפל געשעענישן שרעקלעכע זיינען אין דער צייט ניט געשען! פון חרובן שטעטל איז נאָר א גרויסע ווונד פאַרבליבן אין האַרצן, צוזאַמען מיט א שלל זיסע זכרונות. נו, אין צייטן אַזעלכע, ווען-זשע וועט איינפאַלן אַזאַ געדאַנק, אַוועקצוזעצן זיך און א טראַכט טאָן וועגן זיידנס קאַפּאָטע? . . .

* *
*

בין השמשות. אין האַלב-טונקעלן צימער זיינען זיי געזעסן, — א פּאָר-פאָלק, קרובים מיינע. זיי האָבן ס'אָרעמע לעבען זייערס געראַטעוועט, וויסן אַליין ניט ווי אַזוי, פון יענעם גהינום און געקומען קיין בראַזיל. שוין א פּאָר יאָר דאָ. ער, אַן אַמאָליקער וואַלד-סוחר, א תמיד שווייגנדיקער און פאַרטיפטער אין זיך, פונקט אזוי ווי יענער וואַלד וועמענס פאַרטיפטקייט און סודות ער האָט יאָרנלאַנג איינגעזאַפּט אין זיך; זי, — באַרעדעוודיק, — האָט דערציילט און דערציילט. איר שטיל רעדן האָט דערמאָנט אַן אומעטיקן געזאַנג פון אַן איינזאַם קוואַלעכל צווישן בערג: די מלחמה איז שוין געווען צו ענדע. טעג, וואָכן. פון טראַנסניסטריע זיינען מיר געגאַנגען זאַלבעדריט, אָן א ברעקל האָפענונג, אָן א ציל. מיר ביידע און אַן אַלטער ייד. דער אַלטער, — א הויפן ביינער, — איז אַלעמאָל אַוועקגעפאַלן. מיר האָבן אים געמונטערט, געקוויקט מיט ביסלעך וואַסער און מיט טרייסט-ווערטער. ער האָט זיך געבעטן דער עלנטער אַלטיטשקער, מיר זאָלן אים איבערלאָזן אויף יענע פּוסטע וועגן, ווייל דער טויט האָט שוין אַלצאיינס ארויסגעקוקט פון זיינע אויגן. אָבער מיר האָבן אים געטראָגן, כ'ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, אין טויטן שטעטל אריין. פון צווישן הייזער הרובע, איז דיין טאַטנס הויז געשטאַנען כמעט גאַנץ. מיר זיינען אַהין אריינגעגאַנגען. אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָל דעם האַלב טויטן, האַלב-נאַקעטן ייד און ער איז שטאַרק איינגעשלאָפן. אַזוי שטאַרק איז געווען יענער שלאָף, אַז ווען מיר האָבן זיך צומאָרגנס אויפגעכאַפּט, האָבן מיר דערזען אונדזער יידן אַן אויסגעצויגענעם, א פאַרשטאַרטן.

גאָטעניו זיסער, מ'דאַרף א יידן צו קבורת ישראל ברענגען און קיין צודעק אויף זיין האַלב-נאַקעטן גוף איז ניטאָ! האָבן מיר געזוכט, געניש-טערט אין הויז. הינטער אַן איינגעפאַלענער וואַנט, פון שלאָפצימער, צווישן ליים און ציגל, האָט ארויסגעקוקט א שטיקל שוואַרץ געוואַנט. מיר האָבן עס ארויסגעשלעפּט .ס'איז געווען א קאַפּאָטע.

---

יאָ, ס'איז געווען מיין זיידנס קאַפּאָטע, מיין טאַטנס ירושה-מלבוש, וואָס האָט תכריכימדיק איינגעהילט דעם האַלב-נאַקעטן גוף פון דעם הייליקן מת!

עס רעגנט שוין א פּאָר מעת-לעת. איבער קופּער געלע, ווייט זיך צלמדיקע סטעזשקעס, רינען ריטשקעס און ווערן פאַרשווונדן אין זומפּי־קע טאָלן. פון נאָענטן וואַלד הערט מען ס׳קוויטשען פון גראָב-בייכיקע מאַלפּעלעך. א פּאָר היגט ווייגען עלנטע, מיט צעצויגענע קולות, און אַן אורובו-פויגל, ווי א שווארצער קוימען אויף א דאַך, שטייט מיט א געבוי־גענעם קאָפּ און וואַרט אויף נבלה-פלייש.

דער האָטעל, דוכט זיך, קוקט ברוגז מיט נאַסע ווענט אויף טונקעלע האָריזאָנטן. אין גרויסן זאַל זיצן געסט מיט זויערע, צעקנייטשטע פּנימער, ווי נאָך מאכלים ניט גוט פאַרדייעטע. זיי צעעפענען אַלע ווילע ברייטע פּיסקעס און גענעצן. די ניי-אָנגעקומענע פּאָרלעך וואָס זיינען אויף דער טעראַסע געשטאַנען, און האָבן מינוטן לאַנג באַוווּנדערט דעם פונווייטנס געל צעצוויטעטן בוים אין וואַלד, האָבן דערנאָך זיך פאַרשלאָסן אין א זייטיקן צימערל און גענומען שפּילן אין קאָרטן. דאָס צימערל האָט זיך איצט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. נאָר פון זיינע טיר-שפּעלטעלעך און שפּאַ־רונעס ווייעט מיט תאווה און ציגאַרנרויך. א פרוי טענהט תרעומותדיק: רק ס׳רעגנט. צו די קוואַלן קאָן מען ניט גיין. פאַרווײַלן זיך איז ניטאָ ווו, גלייך ווי אין א מדבר איז דאָ פוסט און ליידיק.

נאָר די קינדער, זיי איז אייביק גוט. מעג שטורעמען און רעגענען אַז אויפהער, — זיי פאַרווײַלן זיך· אייניקע שטעלן זיך אַוועק אין א ראָד איב־מיטן סאַלאָן און שפּילן אין גומיבאַל. אַנדערע וואַרפן „פּעטעקאַ", וואָס שפּרינגט אין דער לופטן, צו א רעטעכל ענלעך. די גאָר-קליינינקע, הענ־טעלע ביי הענטעלע, טאַנצן א קײַלעכדיקס, שטעלן זיך אלעמאָל אָפּ, פּליעסקען מיט די הענטלעך, טופּען מיט די פיסלעך, זינגען, לאַכן. זייערע קול׳עכלעך, ווי גלעקעלעך, צעקלינגען זיך ווייט-ווייט ארום האָטעל, אי־בער דעם פאַרנעפּלטן וואַלד, ווו קליינע, גראָב-בייכיקע מאַלפּעלעך, וויינען.

נאָר דער הויכער ברייטפּלייציקער פּאָליציי־קאָמיסאַר, שפּאַנט אומ־רואיק הין און צוריק איבערן לאַבירינט פון די האָטעל־קאָרידאָרן, ווי א טיגער אין שטייג.

שטענדיק פאַרכמורעט, חלומט זיך אים זיין פּאָליציי־באַצירק, זיין אָנגערויכערט צימער דאָרט, פּאָליטישע און אַנדערע ארעסטירטע וואָס שווייגן און ענטפערן ניט אויף זיינע פראַגעס. אָט הייבן זיך לאַנגע מאָל־פּישע הענט, און פאַרהאַרטעוועטע דלאָניעס, ווי העלצער, פּאַסעווען עמעצנס פּנים ביז בלוט.

פלוצים האָט זיך באַוויזן א גאַליק ביטער שמייכעלע אויף זיין טאָ־טערישן פּנים, און אין זיינע קליינע אייגעלעך האָט אויפגעבליצט א מאָד־נע פייערל: קינדערלעך איר ווילט זיך פאַרווײַלן? א קינדערישער כאָר צעשאָקלט זיך מיט איין אויסגעצויגענעם יאָ־אָ־אָ. אויף א מינוט ווערט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פאַרשוווּנדן צווישן די האָטעל קאָרידאָרן. אָט שפּאַנט ער צוריק. אין מויל א ליולקע, א רויכערדיק קוימענדל, און אין די לאַנגע הענט צוויי שטייגעלעך. צוויי קאַנאַריקלעך שפּרינגען אין זייערע תּפי־סות ארויף־אַראָפּ. זיי ווען, דוכט זיך, קיינמאָל מער ניט זינגען. איינס איז געל, ס'שנעבעלע ראָזעווע; דעם צווייטנס פליגעלעך זיינען גרויע, דאָס ברוסטעלע גאָלד־קאָליריק.

— איר זעט קינדערלעך? צוויי קאַנאַריקלעך. ביידע „ערן". קאָנען זיי ניט ווינען צוזאַמען אין איין שטייגל, ווייל זיי האָבן זיך ניט ליב. קומט מען זיך נאָר צונויף, — הייבט מען זיך גלייך אָן צו שלאָגן...

— נעבעך, — באַדויערט א מיידעלע — פאַרוואָס שלאָגן זיך די פייגעלעך? א יינגעלע מיט א ווילד טשופּיקל פון פאָרנט, די הענט אין די הויזנקעשענעס, צעשרייט זיך מעשה קענער אויפן מיידעלע: — ווייל זיי האָבן זיך פיינט.

דער קאָמיסאַר פּיפּקעט זיין ליולקע:

— קינדערלעך! איצט וועלן זיך די קאַנאַריקלעך שלאָגן. איר זעט, דאָס־אָ מיט די גרויע פליגעלעך, האָט זיך שוין אויסגעצייכנט אין א סך געשלעגן. דאָס געלע איז שוואַכער. ווער וועט זיגן?

— דאָ־אָ־ס גראָ־אָ־אָע!

— בראַוואָ.

צו אַלעמערשטן האָבן זיך די קאַנאַריקלעך אַוועקגעשטעלט אויף באַזונדערע פּלעצער, גלייך ווי ברוגזע, און אָנגעהויבן דרייען מיט די קעפּעלעך הין און צוריק. אַט אויפגעכאַפּט א זערנעלע, אַט א זופּ געטאָן פון קליינינקן שיסעלע מיט וואַסער. פּלוצים האָט דין א פּיפּס געטאָן דאָס גרויפליגלדיקע, און אָפּגעענטפערט באַלד האָט דאָס איי־געלע. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן. צעשפּרייטע פליגעלעך, אויפגעבלאָזענע פעדערלעך, שנעבעלעך ווי שאַרפע מעסערלעך פּיקן, שטעכן איינער דעם צווייטן. דאָס גרוי־פליגלדיקע ווי א חיה, ווערט ניט מיד, אַטאַקירט, שפּרינגט צום צווייטנס קעפּעלע, צו זיינע אייגעלעך. דאָס געלע ענטפערט קאַלט, אויסגערעכנט, אין פאַרטיידיקונג.

— ס'גרויע, ס'גרויע! — שרייען א פּאָר קינדער. פּויזע. דער קאָמיסאַר צופרידן, מונטערט די קאַנאַריקלעך, באַשפּריצט זיי מיט א פולן מויל־וואַסער. דאָס גרויע קאַנאַריקל צופּט, רייסט פעדערלעך פון געלינקן. א ווייַלע ווערט רואיק. און פּלוצים, געשעעט דאָס אומדערוואַרטעטע: דאָס רואיקע און איינגעהויקערטע געלע קאַנאַריקל האָט פּלוצים א בליצשנעלן שפּרונג געטאָן און מיט איין פּיק אויסגעשטאָכן דעם גרויענס אָן אייגל...

בראַוואָ! בראַוואָ, קאָמפּעאָן! האָבן קינדער געשריען און געפּליעסקעט. דעם קאָמיסאַרס פּנים האָט זיך איצט אָנגעצונדן מיט צאָרן און האַס. ער האָט א כאַפּ געטאָן דאָס גרויפליגלדיקע וואָס איז פאַרמאַטערט געלעגן, געדרייט זיך אין ווייען, צוגעקוועטשט עס אין זיין פעסטער דלאָניע, און א האַלב טויטס עס אַרויסגעשליידערט אויף דעם פאַרנעצטן טראָטואַר. אונטערן רעגן האָט דאָס קאַנאַריקל נאָך אויפגעציטערט א פּאָר מאָל, דערנאָך אויסגעצויגן די פיסלעך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס רעגנט. א בלאָנד מיידעלע וויינט. אויפן דאַך שטייט א שוואַרצער אורובו־פויגל און וואַרט אויף נבלה־פליישׁ.

צען אינדערפרי. ס'איז כמורנע, דושנע, מסתמא וועט רעגענען. די גאַס איז פּוסט.

אינמיטן גאַס שטייט א בראַזיליאַנער אין קרועה-בלואה קליידער, צו־געטוליעט צו א יונג קאַשטאַנען-ביימל. ער נעמט עם אַרום ווי א געליבטע, און ביידע שאָקלען זיך אַהער-אַהין, גלייך ווי אין א ריטמישן וואַלס. דאָס ביימעלע אויסגעדייווערט, באַקליידט מיט געלע בלעטלעך, כמעט פאַרטריקנטע, דוכט זיך, בעט פאַרחלשט ביים הימל כאָטש א טראָ־פּעלע וואַסער. און קיין פריש ווינטעלע איז אויף א רפואה אפילו נישטאָ. גייט עמעץ פאַרביי, דערזעט דעם בראַזיליאַנער, טראַכט ער: „אַ בעטלער. עס זשומעט מיט זיי איצט אויף אַלע טראָטוארן, אויף אַלע גאַסן ראָגן". דאָך וואַרפט ער אים צו א פּאָר סענטאַוואָס און גייט זיך אײַלנדיק ווייטער. דער אָרעמער בראַזיליאַנער באַטראַכט דאָס קליינע שטיקל ניקל אויף זיין דלאָניע, גלייך ווי ר'וואָלט געטראַכט: יאָ נעמען צי ניט נעמען. ער מורמלט עפּעס מיט די ליפּן, און באַהאַלט עס אין דער קעשענע.

א יונגערמאַן שפּאַנט צו זיין אַרבעט. צי פון דושנער היץ, צי סתם אַזוי, עס שפּאַנט זיך פויל אָן חשק, מיט שמאַלע טריטעלעך. צו וואָס זיך איילן? ער דער טישלער, וועט זיין פּרנסה אויסהובלען. א יידישער אַרבע־טער, — שלמה הייסט ער. ר'האָט ליב אזוי גייענדיק טאָג-טעגלעך צו דער אַרבעט, זיך אָפּצושטעלן. עס לוינט זיך אָפּטמאָל. אז מ'שטעלט זיך אָפּ, דערזעט מען עפּעס. א שטייגער: אָט טאַקע דער וואַקס-געלער בראַזיליאַ־נער. ביים סאַמע ערשטן אויגנבליק, זעט ער אוים גאָר אַנדערש, עפּעס ניט ווי קיין שנאָרער. ניט אַזוי ווי דידאַזיקע בעטלער, וואָס קויפן מיט־לייד ביי פאַרבייגייער, אַ דאַנק די בערגיק-געשוואָלענע ריזיפּעלאַ-פיס, אָדער ברייט צעשפּרייטע אייטערדיקע וווּנדן אויף די הענט און פּיס. שלמה ווייסט, אז זינט ר'איז געקומען פון שפּאַנישן פּראָנט, איז די היגע פּאָליציי עפּעס ניט „דאָסיק" מיט אים.. א סברה, אז א פיר-אויגנדיקער

באַגלייט אים אָפּט. און טאַקע־אַזוי: ווער הייסט דיך מישן אין אַזעל־כע זאַכן? און זעסטו א קראַנקן מענטשן אין גאַס, ווייטיקן, זיך קאָרטשען און איינבויגן אין דרייען, לאָז אים אָפּ, ניט דיין עסק! זיי ניט קיין וועלט־פאַרזאָרגער דו באָרוועסער טישלער! פאַרקלעמט עס אָבער פאָרט שלמה׳ס האַרץ, מ׳איז דאָך ניט פון שטיין, עס רירט דאָך! שלמה שטייט לעבן אים. ביים בראַזיליאַנער וואָס האָט ביז איצט ארומגעאָרעמט דאָסביימל, ברעכן זיך די פיס פּאַוואָליטשקע, בייגן זיך צו דער ערד. אָט־אָט! שלמה טאָרעט אים:

— אַ היגער, סעניאָר?

— ניין. פון אינטעריאָר. ווייט, צוויי טעג פון שטאָט. צוערשט גע־גאַנגען צופוס, נאָכדעם זיך איינגעבעטן אין א באַן. ס׳הייסט מער צופוס...

— קראַנק?

א פּייפּנדיקער זיפץ ווי ביי טובערקולאָז־קראַנקע, ענטפערט:

— יאָ. מ׳האָט דאָרטן מיך גערעאָטן, צו גיין אין שטאָט אריין, פאַראַן דאָ שפּיטאָלן, דאָקטוירים. בין איך אַהער געקומען.

— ווי אזוי הייסטו?

ער בויגט הכנעה׳דיק זיין קאָפּ:

— מאַנועל דע נאַסימענטאָ, גרייט צו דיין באַפעל.

ביי שלמהן לויפט דורך א געדאַנק: אַוודאי, פאַרמעגלעכע חולאים פאָרן אין אויטאָס, מיט א קישעלע צוקאָפּנס, אָבער ער און מאַנועל דע נאַ־סימענטאָ וועלן אוודאי גיין צופוס. שלמה באַטאַפּט זיינע קעשענעס. א נעכ־טיקער טאָג! עס יתום׳ען דאָרט א פּאָר דריבנע קרוזייראָס, וואָס קלעקן אויף קאַווע מיט ברויט.

— סעניאָר מאַנועל, וועסט גיין.

און מאַנועל, קוים וואָס ער דעכעט: נו, אַוודאי. שוין צוגעוווינט. ער וועט שלעפּן די כמו פאַרשלאָפענע, געשוואָלענע פיס, ווי א פּאָר העלצער. און אפשר וועלן זיי שלעפּן, דאָס מאָגערע גופ׳ל מיט די פּאָר בידנע, סיפּי־

ליטוישע, קילאָם פּלייש. מ׳גייט אין שפּיטאָל אריין. „מ׳קריכט, — מיינט שלמה — אַזאַ קריכן אויף אַלע דייטשן געזאָגט!״ ס׳איז א באַרג ארויף, מיט טרעפּ און טרעפּ. מאַנועל שפּאַרט זיך אָן אין צעמענטירטן שטאַכעט, כאַפּט א דעכע, און ראַטשקעוועט זיך ווייטער אויטאָמאַטיש. אָט גיט ער זיך אַ וואַקל אויף צוריק. נאַ! פון דאַנען אראָפּצופאַלן קאָנען די ביינער אַזש צעמאָלן ווערן.

— קוראַזש, סעניאָר מאַנועל, נאָך א פּאָר טרעפּ און אוים.

א ווייסער שפּיטאָל שמייכלט גאַנץ פריינטלעך. פּאַרנט רוט א גערטנדל מיט פיין ארומגעשווירענע ביימלעך, מיט בלימעלעך נאַרוואָם פון וואַסער באַשפּריצטע. א מילד ווינטעלע גלעט זיי. אָבער אינעווייניק, ס׳אַרא אומעט! ווענט טונקל געפאַרבטע, מרה־שחורה׳דיקע, ווי אין א טורמע ,באַהאַלטן סודות אין זיך. עס פעלט דאָ די ווייסע מילדקייט, וואָס שיינט אויף מיט צוזאָגנדיקער האָפענונג פאר יעדן קראַנקן. ס׳פעלן די מילד שמייכלענדיקע קראַנקן־שוועסטער, וואָס איילן נאָך יעדן קלינגען, אום צו שטילן די ווייטיקן פון די קראַנקע: ש־ש־שאַ. דיקע, צעמענטירטע ווענט, דערשטיקן דאָ יעדן קרעכץ, יעדן לעצטן אָטעם און טונקעלן געזעגענונגס־בליק. מ׳האָט אויסגעבויט א שפּיטאָל פאר אָרעמעלייט, אויף א הויכן מאַיעסטעטישן באַרג, זייער נאָענט צו גאָט, אָבער אזוי ווייט פון מענטשן. אין שטילן וואַרט־זאַל, ווו א וואַנט־זייגער וואַכט, דוכט זיך שלמהן, אַז אָט דאָ שפּאַצירט אום דער מלאך־המות אויף די שפּיצפינגער, און הערט זיך צו, אָפּשטעלנדיק זיך ביי יעדער טיר. פון מאָל צו מאָל הערט מען א הייזעריקן קלאַנג, ענלעך, צו א פליגן־זשום. עס שוועבט פאַרביי, ווי א שאָטן א פיגור אין ווייסן, עס בלייבט נאָר איבער אן אויסגעמישטער ריח פון יאָד, כלאָראָפאָרם און עטער.

— זעץ זיך סעניאָר מאַנועל.

ער זיצט. זיינע טיף ארייגעקראָכענע אויגן, קלעפּן זיך, בעטן כאָטש א קלייניניקן דרימל. ס׳קומט אריין דער פעלדשער, אין א ווייסן כאַלאַט־שטעלט זיך אָפּ און באַטראַכט זיי. דער אויסזען זיינער: א נערוועאישער, שטענדיק אויפגערעגטער, באַלד וועט ער זיי ביידן אָפּמעסטן מיט א בייזן בליק פון אויבן אראָפּ, און זיך צעשרייען: האַ? קראַנק? א צי־

מער אוודאי? נאָר... ר׳האָט זיך פּלוצים צעשמייכלט, א דריי געטאָן זיינע וואָנצעס, באַטראַכטנדיק מאַנועלן, און זיך געווענדעט צו שלמהן:

— א פּריינט?

— ניין. דערזען אים אין גאַס ,אַן עלנטן, א קראַנקן. איר פאַרשטייט... געוויסן...

דער פעלדשער פאַרטראַכט זיך: געוויסן! שוין לאַנג ניט געהערט דאָס וואָרט. א לוקסוס-אַרטיקל היינט צו טאָג.

— דער שפּיטאָל איז איבערפולט, ליבער מענטש, קראַנקע פעלן ניט, זיי קומען אַהער וועכנטלעך אין די הונדערטער. דאָך... וואַרט צו, וועלן מיר זען...

א שטראַל אין דער פינצטערניש. שלמה׳ן איז לייכטער געוואָרן. א געזונט אים אין די ביינער, דעם פעלדשער, ער איז א בראַט!

---

פון א נאָענטן צימער, שניידט זיך אריין, ווי א חלפל א פרויען-געלעכטער. ביים אָפענעם פענצטער זיצן צוויי קראַנקנשוועסטער. איינע שוין אין די פערציקער. א היפשער בוזים הינטערן ווייסן פאַרטוך, איז צוגעשפּאַרט צום טישל לעבן איר. זי זויגט א ציגאַר. דער שפּיץ פון ציגאַרעטל איז רויט פון שמינקע. נאָזלעכער, קוימענדלעך צוויי רויכערן. איר פּנים איז פרעך אָנגעפּאַרבט. אַזאַ פּנים, ווי עס שיינט, זוכט נאָך א ווונק פון א דאָקטאָר, אפילו פון א פעלדשער. די צווייטע, א יונגע מאָרענע מיט א קיילעכדיק טעקלדיק פּנימל און קלוגע צעבלישטשעטע שוואַרצאַפּלען וואָס פּייערן מיט לײדנשאַפט. אירער א שמייכל... אָ, איר שמייכל פועלט א סך...

ביידנס שפּאָטיש געלעכטערל, איז געצילט צום נאָענטן ווינקל. דאָרט שטייט א פרוי, נאַכלעסיק, מיט צעשויבערטע האָר. א פאַרברודיקט שטיק העמד קוקט ארוים פון אונטערן צעריסענעם קליידל און אירע הענט זיינען געצלמט אויף אַן אויפגעוווירענעם בייכל. מיט פאַרמאַכטע אויגן שמייכלט זי צו זיך זעלבסט, שעפּטשעט עפּעס מיט א פּאָר בלויע ליפּן, גלייך ווי זי דאַוונט. אָט בלייבט זי שטיל, ווי אין דערוואַרטונג אויף עמעצנס אַן ענטפער, דערביי פּאַלבט זיך איר שמאָלער שטערן. פאַרביי א פּאָר מינוטן, און

ווידער הייבן אָן בלויע ליפּן צו ציטערן. די עלטערע שוועסטער ווינקט שעלמיש צו דער יינגערער:

— ווילסט עפּעס הערן? — און ווענדענדיק זיך צו דער פרוי אין ווינקל:
— פאַרוואָס גייסטו ניט? ביסט דאָך געזונט.

— כ׳בין קראַנק. כ׳גיי ניט.

ביידע סודען זיך.

— זאָג מיר — פרעגט די יונגע — ווער האָט דיר דעם בויך צוגע־שטעלט?

— כ׳ווייס ניט.

— אָ, אָ, אָ, וואָס הייסט דו ווייסט ניט?

די עלטערע רעדט צו איר הניפה׳דיק מיט א סאַמעטענער שטימעלע:

— זאָג טייערינקע, ווער איז דער טאַטע? ווער? ווו האָסטו איינגע־קויפט די מציאה?

די אויגן פון דער אָרעמער פרוי זיינען איינגעגראָבן אינעם דיל, גלייך ווי זי וואָלט דאָרט געזוכט דעם ענטפער:

— כ׳ווייס ניט... כ׳ווין אויף דער גאַס... עפּעס א מאַן...

— האָסטו כאָטש זיך געבאָדן דעמאָלט? נעבעך.. דער מאַן הפּנים איז געווען גוט הונגעריק...

א קלונג. די יינגערע שוועסטער, פויל, חשק׳לאָז הייבט זיך אויף פון בענקל, גייט אַוועק. א צווייטע שוועסטער קומט אָן. זי זעט אוים מיד. איר פּנים מאָגער, גרין ווי ביי א קינד וואָס ליידט אויף ווערים. זי ציט אוים אין דער לענג אירע אָרעמס און גענעצט. זי דערציילט:

— מ׳האָט די נאַכט געבראַכט אַהערצו א קראַנקן — זי פאַרקרימט דערביי איר פּנים — דוכט זיך א פאַרפוילטער, שרעקלעך געהאַווערט. מען האָט אים געבאָדן אין הייס וואַסער. ס׳העלפט ניט. שרעקלעך! ניט צוצו־טרעטן צו אים. ר׳זיצט דאָרט לעבן קלאָזעט. אַזאַ שיין פּנים, אַזאַ זיסע פרומ־

קיין שיינס אַרויס פון זיינע אויגן. ער רעדט נישט צו קיינעם. ער עסט ניט, טרינקט ניט, נאָר ר'קוקט צום הימל.

זי קוקט אויף דעם כמורנעם דרויסן. אירע אויגנוויימלען זיינען מיט רויטע פעדעמלעך באַשטרייפּט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פעלדשער קומט אָן שנעל. פונוויטנס שוין בעט זיך זיין שטימע:

— כ'לעבן, ס'איז איבעריק דיין זיין דאָ.

נאָך אים ווי א שאָטן גייט א הויכער יונגערמאַן, דאַרפּיש אויסזעענדיק, באָרוועס. ר'הינקט צו מיט א באַנדאַזשירטן פוס. די האָר ווי געקראָכמאַלעטע, בייזע, ס'פּנים אויסגעהונגערט. ר'האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער פאָל און קוקט מיט א פּאָר גרינע פאַרבענקטע אויגן צום פעלדשער.

— גאָט מיינער — באַקלאָגט זיך דער פעלדשער פאַר שלמהן — אַזוי שווער, אַזוי שווער דאָס אַלץ צוצוזען. שוין צוואַנציק יאָר ווי כ'ווער פאַרסמ'ט פון קרעכצן און ווייטיקדיקע געשרייען. אַזויפיל יאָרן ווי אָט די אויגן זעען נאָר ווונדן און אייטער. אָ, ווען ניט מיין פרוי און קינדער, ווען ניט מיין פאַמיליע! אָט זיצט ער דאָרט, — ווייזט ער אָן אויף דעם דאַרפּיש-אויסזעענדיקן יונגערמאַן, — ער וויל אַ היים, אין דאָרף אַריין. ער דערציילט מיר וועגן א פעלד, וועגן א הונט מיט אַזויפיל ליבע, אַז דאָס האַרץ חלשט צוהערנדיק עס.

דאָ איילט ער צום יונגנמאַן: — ווו-זשע זאָל איך נעמען געלט פּאָר דיינעטוועגן אויף הוצאות? האַ, ווו? זאָג מיר? די שטאָט איז אַזוי גרויס, אַזויפיל מענטשן פאַראַן, גיי בעטלען...

— כ'קאָן ניט בעטלען — כליפּעט דער יונגערמאַן און באַהאַלט זיין פּנים, צווישן די אויפגעשטעלטע קני.

— גאָט מיינער, וואָס-זשע ווילסטו פון מיר? גיי דערצייל עס א צווייטן, א דריטן...

— קיינער וויל מיך ניט אויסהערן.

— איז קיין אויסוועג פאַראַן? וואַרף־זשע זיך הינטער א טראַמוויי, וואָס וועסטו דען דערמיט פאַרלירן? — וואָס, האַ?

דעם יונגנמאַנס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן. די האַלדז־אָדערן אָנגע־בלאָזן, די אויגן אָנגעטרערטע. ר׳האָט איצט געשריען, געקלאַפּט מיט די צוויי פויסטן אין זיינע קני:

— וואָס כ׳וועל פאַרלירן פרעגסטו? דאָס לעבן... ס׳לע־ע־עבן! איך וויל נאָך לעבן!... איך וויל נאָך לע־ע־ע־ע... — דאָס וואָרט „לעבן" איז געבליבן פאַרשטעקט, ווי א ביין אין זיין האַלדז. זיין קערפּער, ווי א בוים פון א שטורעם־ווינט האָט זיך א וואַקל געטאָן. ער איז געפאַלן. די פיס האָבן אָנגעהויבן בריקען, די הענט פּאַכן אין דער לופטן, פון מויל האָט געזעצט א ווייסער שוים.

— אן עפּילעפּטיקער — באַדויערט עמעץ — נעבעך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מבולבלדיק איילט שלמה צו דער טיר. גיכער, שנעלער! טויזנטער האַרמאַטן שיסן אין זיין קאָפּ. ס׳האָט נאָך קיינמאָל ניט אזוי געגרוילט זיין לייב. א קאַרוסעל דרייט זיך פאַר זיינע אויגן. די פיס קוים וואָס זיי פּלאָנ־טערן זיך. ארויסגעריסן זיך פון שפּיטאָל...

א פרישע ווינטל צעקושט זיך מיט אים. אין דרויסן טריפט א קיל, דריבנע רעגנדל.



שטיקער בלויע הימלען — אין טיף ארייגעקראָכענע אויגן...

א פאַרגעלט פאַפּירל האָט זוניק געוואָרעמט איר פלאַטשיקע, אַבציק־יעריקע ברוסט. די אַלטיטשקע איז געגאַנגען אין שטאָט אריין. טריטעלעך איילנדיקע, דריבנע, פון דינינקע, כמעט קינדערישע פיסעלעך, האָבן לייכט אָפּגעהילכט צווישן שמאָלע פאַרגעסענע סטעזשקעלעך מיט טוי־פולע גראָזן באַוואָקסן. עס האָבן טאָלן ווי גרינע פליושענע קילימעס, זי באַהאַלטן צווישן זיך, אין די בלוי־פאַרחלומטע קליינע וועלדלעך, ווו עס זינגען שטילע וואַסערפאַלן. ס׳איז געווען ערב בלויער קאַיאָר. פון טוי־באַפּערלטע גראָזן און ביימער, האָבן פייגעלעך אָנגעהויבן אויסזינגען זייער באַגינען־סימפאָניע.

די אַלטיטשקע האָט זיך צוגעזעצט, אָנגעשפּאַרט אין א זשומענדיקן טעלעפאָן־סלופּ. פון טאָרבעלע האָט זי ארויסגענומען א שטיקל ברויט און קעז און זיך צוגעאיילט מיטן עסן. שולדיק אין דעם איז די זון וואָס שיינט אויף פּאַוואָליטשקע הינטער די באַוואַלדעטע בערגלעך. ניטאָ קיין צייט. עס דוכט זיך איר, אז אָט די פייגעלעך, ווי קינדער קליינע, שמייכלען, לאַכן, טייטלען מיט די פליגעלעך אויף איר. יאָ, יאָ, זיי פרעגן עפּעס ביי איר: „וווּהין דאָס איילעניש באַבעניו?” און זי ענטפערט, בוצים ברוגז׳לעך, שמייכלענדיק: אָ, אָ, כ׳האָב קיין צייט ניט. איך גיי אין שטאָט אריין צום גרויסן גענעראַל. דוכט זיך אז די פייגעלעך חידושן זיך: „אין שטאָט אריין?” זי ענטפערט מער ניט. אָ, זי קען זיי, אָט די קליינע שנעקעס, די זינגענדיקע חוזק־מאַכערס!

די זון רוקט זיך וואָס העכער. שפּיצביימער, שטיקער טאָלן ווערן מיט זון־גאָלד באַגאָסן. פונוווייטנס מיט הילכיקע, פעסטע טריט, שפּאַנט א מאַן מיט א שנייד־מעסער אויף זיין אַקסל:

— גוטמאָרגן, גוטער מענטש, נאָך ווייט אין שטאָט אריין?

— דורך אַט די װעגן איז װײַטער, נאָר מיט יענעם װעג פֿון דער צװײ־טער זײַט, איז נענטער.

ניין, ניין, זאָל זײַן װײַטער. זי האָט ליבער דידאַזיקע שטילע װעגן, װוּ א גריל רעדט פֿון גראָזן, װוּ גרעזעלעך און ביימער רעדן צום מענטשן. אויף יענעם װעג, באַטויבט אַן אייביקער רעש פֿון באַנען און אויטאָס. ער איז איינגעהילט אין שטויביקע טומאַנען. דאָרט פֿאַרדעכעט מען זיך, אַזש ס'איז שווער צו אָטעמען.

זי גייט, זי גייט אין שטאָט אריין. אין האָפֿענונגספֿולע אויגן בלויען זיך שטיקער הימל און מיט דינע בלוי־באַאָדערטע הענט, טאַפּט זי א פֿאַר־געלט פּאַפּירל באַהאַלטן אין איר פּלאַטשיקן בוזים, וואָס וואַרעמט ווי א זון איר האַרץ...

---

אין שטאָט איז זי ווי א פֿאַרבלאָנדזשעטע געבליבן שטיין. גאַסן אַזעלכע לאַנגע און שמאָלע. הייזער הויכע, ריזן אַזעלכע, וואָס פֿאַרשטעלן די הימלען, די זון. מענטשן גייען, מענטשן איילן, זעען דוכט זיך קיינעם ניט. מען שטופּט זיך דורך, מען שטויסט זיך אָן איינער אין צווייטן. די אַלטיטשקע האָט געטראַכט: איז טאָקע אַזוי שלעכט דער מענטש דאָ, אַז אַפֿילו קיין „גוטמאָרגן" גליטשט זיך ניט ארויס פֿון זײַן מויל? און שעה'ן האָבן זיך געאײַלט אַזוי ווי אַלצדינג דאָ, און שעה'ן זײַנען געלאָפֿן. וועגן זיי האָט דערציילט מיט זײַן קלינגען דער שטאָט־זייגער. אירע פֿיס האָבן מיטאַמאָל דערפֿילט די לאַסט פֿון דער עלטער. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף א טראָטואַר. אַ פּאָליציימאַן האָט זי דערזען:

— מיד באָבעניו?

— א ביסעלע, איך בעט דיך, פֿיר מיך זונעניו אַהינצו.

צעשמייכלט זיך דער פּאָליציימאַן:

— וווּהין באָבעניו?

— אַהין, וווּ ס'וווינט דער גרויסער גענעראַל און די סאָלדאַטן, וואָס ער רופֿט אין מלחמה אַריין.

ער האָט זי צוגעפירט צום הויפּט-קוואַרטאַל.

---

סאָלדאַטן, סאָלדאַטן... מען לויפט מיט ביקסן אַרויף, אַראָפּ, מען וואַרפט זיך צו דער ערד, און מען הויבט זיך אויף. איייניקע זינגען מאַר־שירנדיק אין ברייטע רייען. ס'איז צוגעקומען צו איר א סאָלדאַט:

— וועמען זוכסטו דאָ מאַמעלע?

— איך זוך מיין זשאַאָן, מיין איייניקל.

— וועלכער זשאַאָן?

די אַלטיטשקע צעלאַכט זיך, וווּנדערט זיך:

— מיין זשאַאָן! דו קענסט אים ניט? ער איז א פעסטער מולאַט און זינגט אַזוי שיין, פּונקט אַזוי ווי אָט יענער דאָרט. זאָג אים, אַז איך, זיין באָבע אַנטאָניאַ וויל אים זען. כ'וואַרט דאָ אויף אים.

דער סאָלדאַט האָט ממזריש א ווונק געגעבן צו א צווייטן:

— „עובר־בטל, ווייסט ניט וואָס זי וויל"...

מ'האָט איר דערלאַנגט א טעפּעלע קאַווע מיט ברויט. זי האָט איינ־געווייקט דאָס ברויט אין דער וואַרעמער קאַווע, מיט נאַקעטע יאַסלעס געקייט שנעל, מיט אַפּעטיט. און באַלד ווי אָן עפּעס זיך דערמאַנט, אויפ־געהערט צו קייען, באַטאַפּנדיק איר בוזים:

— פירט מיך קינדערלעך צום גענעראַל. — ער ווייסט, ער וועט מיר אַלץ דערציילן...

אין גענעראַלס קאַבינעט איז שטיל געווען. ביי א טיש איז ער, א באַ־יאָרטער, באַברילטער מאַן געזעסן און מיט התמדה געלייענט פּאַפּירן. פון צווייטן צימער האָט אַריינגעטודיעט דאָס קלאַפּן אויף א שרייב־מאַשין.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף א ווייכער שטול:

— גוטמאָרגן סעניאָר גענעראַל!

צופרידן האָט ער איר געענטפערט:

— גוטמאָרגן דיר אַלטיטשקע.

— הע, הע... כ׳בין דאָס ערשטע מאָל אין שטאָט דאָ.

— דאָס ערשטע מאָל? נו, ווי געפעלט זי דיר די שטאָט?

די אַלטיטשקע שאָקלט אומצופרידן מיט די אַקסלען:

— זי געפעלט מיר ניט. איך בין געקומען אַהערצו זען מיין אייניקל.

— דיין אייניקל?

— דו האָסט דאָך אים גערופן, אין דער מלחמה אריין. — זי קראַצט זיך אין גרויען געדיכט-געקרייזלטן קאָפּ, — איך האָב אים דעמאָלט געבעטן: זשאָאָנזיניאָ גיי ניט. איך בין צו אַלט, כ׳בלייב דאָ איינע אַליין. ווער-זשע וועט באַארבעטן דאָס שטיקל פעלד? ווער וועט קאָרמענען די הינדעלעך, דאָס חזירל, דאָס אייזעלע? ווער וועט פון צייט צו צייט פאַרריכטן אונדזער שטיבל? זשאָאָן האָט מיך ניט געהערט. ניט געוואָלט הערן. ער האָט געזאָגט: „איך מוז גיין, דער גענעראַל רופט״. ער איז אַוועק, אַוועק... שוין יאָרן פאַרביי... איינמאָל איז צו מיר געקומען א בריווטרעגער, און מיר געבראַכט א בריוו. פון וועמען? — האָב איך געפרעגט. „פונעם גענעראַל״ — האָט ער געענטפערט. „לייען מיר, איך בעט דיר, וואָס שרייבט ער דאָרט, דער גענעראַל?״ ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען אָט אַזוי: „גנע-ענדיקע סעניאָרא, מיר.... מיר... מיר...״ און ער האָט זיך פאַרהיקעט, אָנגעהויבן צו הוסטן און געזאָגט: „איך פאַרשטיי ניט״... האָב איך צו אַנדערע מענטשן געוויזן דאָס בריוול און קיינער ווייסט ניט איבערצולייענען, קיינער פאַרשטייט ניט. אַי, אַי, שוין יאָרן פאַרביי, און זשאָאָנזיניאָ קומט ניט.... — מיט ציטעריקע הענט האָט זי פון בוזים ארויסגענומען, א צעקנייטשטע, פאַרגעלטע טעלעגראַמע:

— סעניאָר גענעראַל, לייען דו איבער.

דער גענעראַל האָט געלייענט. די אותיות האָבן געוויטיקט ווי טויטע סאָלדאַטן אויף שלאַכטפעלדער:

„מיר באַדויערן אייך צו אינפאָרמירן, אַז אייער קינד איז געפאַלן מיט א העלדישן טויט״...

א שטיל געוויין האָט אָנגעהויבן צו ווערגן דעם גענעראַלס האַלדז. ער האָט אויף שנעל פאַררויכערט, מכלומרשט קוראַזשפול זיך צעלאַכט:

— ווייסטו מאַמעניו, וואָס דיין זשאָאַן שרייבט דיר? ער שרייבט... ער האָט חתונה געהאַט...

— חתונה געהאַט? — פריידפולע טרערן־טראָפּנס האָבן געטריפט פון די שטיקלעך בלויע הימלען אין אירע אויגן — חתונה געהאַט? טס... טס... שלעכטע קינדער די היינטיקע... ניט אַזוי?

— אַוודאי, שלעכטע און פאַלשע.

— פאַלשע, פאַלשע. — האָט די אַלטיטשקע באַשטעטיקט צושאָק־לענדיק מיטן קאָפּ — מען פרעגט ניט ביי עלטערן. מען פאַרלאָזט זיי. זאָג מיר סעניאָר גענעראַל, איז זי טאַקע א שיינע?

— אָ, אָ, זייער א שיינע.

— האָסטו זי טאַקע גוט געזען? און ווו וווינען זיי?

— וויים, וויים... — א שטיל געוויין האָט ווידער אָנגעהויבן צו צופּן דעם גענעראַלס האַלדז — זייער, זייער וויים...

— זאָלן זיי גליקלעך זיין. שרייב זיי טייערער גענעראַל, דאָרט אהין וויים, זיי זאָלן קומען זען די באָבען, דאָס שטיבעלע, דאָס שטיקל פעלד. און זאָג אים דאָרט, אַז דאָס אייזעלע איז שוין גרוים אויסגעוואַקסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט שטילע פאַרטראַכטע טריטעלעך, גייט די אַלטיטשקע אהיים. אין אירע אויגן כמורען זיך שטיקער בלויע הימלען, און אין בוזים ביים האַרץ, איז אזוי קאַלט, אַזוי קאַלט...

אָנגעשפּאַרט אַ האַלבן גוף אין די קיילעכדיקע, מאַרמאָרנע, קלויסטער־זיילן, די הילצערנע קוליעס צוזאַמענגעלייגט לעבן אים, — זיצט דער געוועזענער סאָלדאַט, דער מלחמה־„העלד". ס'פּנים מאָגער, שוואַרץ באַבערדלט; זיינע אויגן ברייט־צעעפנט, פאַרחידושט:

אַ מלחמה געווען אויף דער וועלט, און אָט דאָ? — די זעלבע טראַמווייען, די זעלביקע אויטאָס. ס'וואַקסן הייזער אין דער לענג, העכער און העכער. און אָרעמקייט מערט זיך טאָג־טעגלעך. אַזויפיל פאַרזאָרגטע פּנימער. ווייזט אויס דער מענטשלעכער צער האָט זיך נאָכמער פאַרגרעסערט. און ס'פאַרדריסט נאָך מער: אַזאַ באַוועגונג, אַזויפיל מענטשן, זאָל זיך כאָטש איינער אָפּשטעלן לעבן אים, אַ קוק טאָן אויף אים, באַגריסן אים, זיינע „העלדישע" מעדאַלן באַטראַכטן, אַ נייגעריקן שמועס טאָן: העי, קאַמעראַד!

די זון טשמעליעט אָן רחמנות. ריטשקעס שווייס רינען איבער די אויגן, ס'העמד פּיטש־נאַס. פונוויטנס איבער גרינע טשופּרינעס פון בערג, באַווייזן זיך קליינע כמאַרעלעך, ווי סטאַדעס זיך־פּאַשענדיקע לעמעלעך. און פלוצים, פון הינטער בערג־שפּיצן, באַווייזט זיך אַ טונקל־שוואַרצע, געדיכטע כמאַרע, אײַלט זיך אימפּעטיק שנעל, בייז, אויפגערעגט, גלייך ווי באַדראָענדיק די איילנדיקע מענטשן מיט די מידע פּנימער, דעם צעפּאַרעטן גאַסן־אַספאַלט, וואָס קנעט זיך הינטער אויטאָ־רעדער ווי אַ טייגעכץ.

דער סאָלדאַט פאַררויכערט אַ ציגאַר און הינטער דעם זיך שלענגדיקן רויך, קנייטשט זיך זיין באַשווייסטער שטערן: — ווען איז עס געשען? — דוכט זיך ערשט נעכטן: אַ טאַראַראַם געוואָרן. אַ מלחמה. „פּריץ" וויל באַהערשן די וועלט. היטלער קריצט די ציין, שיקט פעלקער אויסקוילענען, לענדער חרוב מאַכן. האָט דעם יונגנמאַן ס'האַרץ פאַרקלעמט און צוזאַמען מיט אַנדערע מיליאָנען צו אים גלייך, האָט ער פאַרלאָזט די היים, זיסע האָ־

פּענונגען. צוזאַמען מיט זיי, מיט ביקס אין האַנט, געגאַנגען. אין האַרץ א הייליק פֿייער: מ׳מוז דאָס שלעכטס אויסוואָרצלען פֿון דער ערד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א שטאַרקער דונער האָט אים ווי פֿון שלאָף אויפֿגעוועקט, פֿינצטער געוואָרן מיטאַמאָל. ס׳האָבן ווייסע בליצן זיך פֿלינק צעשריבן איבערן טונקעלן הימל. איצט האָבן מענטשן אָנגעהויבן לויפֿן, געזוכט א באַשיצונג פֿאַרן רעגן. דעם סאָלדאַט איז לייכטער געוואָרן. אזויפֿיל מענטשן לעבן אים. אַלע קוקן אויף אים, ווער מיט מיטלייד, ווער נייגעריק. איינער א פֿאַרפּוצטער יונגערמאַן, האָט באַלד זיך צוגעשאַרט צו אים: העי סעניאָר, פֿון דער מלחמה? דער סאָלדאַט האָט שמייכלענדיק אים אָנגעוויזן אויף די פּאָר פֿאַרשעמטע, פֿאַרדעקטע קניען, אויף די אוועקגעלייגטע קוליעס: זעסט דאָך . . .

— כ׳מיין, — זאָגט דער יונגערמאַן — ווי אזוי איז עס געווען דאָרט?

צעשמייכלט זיך ביטער דער סאָלדאַט: ביי דער קומענדיקער מלחמה וועסטו שוין געוואָר ווערן... און ווי חרטה האָבנדיק אויף זיין ענטפֿער, ווענדעט ער זיך מיט א מילדערער שטימע צום יונגנמאַן: גיב מיר א ציגאַר... דער סאָלדאַט האָט זיך צערעדט: — אויפֿן איטאַליענישן פֿראָנט האָב איך פֿאַרלוירן די פֿיס... די ערשטע זאַך וואָס כ׳האָב דאָרט אין שפּיטאָל געבעטן: „מיינע שטיוול גיט מיר״. דער דאָקטאָר, א קצב מיט שטענדיק פֿאַרבלוטיקטע הענט, צעעפֿנט א מויל מיט א חוזק׳פֿולן לאַכן: „צו וואָס טויגן זיי דיר?״ און איך: „כ׳וויל מיינע שטיוול. כ׳וויל זיי אָפּהיטן, נו, אזוי ווי מ׳היט אָפּ א בילד פֿון א געליבטער, א דעראינערונג פֿון גוטע צייטן״... איז דאָרט אָבער געווען א קראַנקן־שוועסטער, א זים פּנימל, יאָרן לאַנגע אויף איר, פֿאַר יעדן טייערן שמייכל וואָס זי האָט מיר געשאָנקען, פֿאַר יעדן קוש פֿונווייטנס מיט אירע אויגן. כ׳האָב געטראַכט: און אַז אָן פֿיס איז וואָס? אין דען יעדער מענטש פֿריי פֿון א מום? איינער האָט א הויקער אויף די פּלייצעס, א צווייטער — אויף דער נשמה, איינער איז קרום אויף א פֿוס, א צווייטער — אויפֿן געוויסן. דער עיקר איז א פֿיין האַרץ, א מענטשלעך האַרץ. און אָט אין איינעם א טאָג ערב פֿאַרלאָזן יענץ לאַנד מיטן שפּיטאָל — קומט זי צו מיר צו, וויקלט מיך ארום מאַמעדיק מילד, מיט א פּאָר וואַרעמע אָרעמס און די שטים אַזאַ זיסע, אַזאַ ציטעריקע:

„טייערינקער... כ׳וויל דיר עפּעס בעטן...״ און ביי מיר יאָגט ס׳האַרץ ווי א צעפּלאָשעטע פערד: — „בעט...״ און טרעפט, אָנו טרעפט, א שטייגער, וואָס האָט זי געבעטן ביי מיר דעם האַלבן מענטשן?

פון די צוהערער זוכט יעדער אַן ענטפער. א מיידל ראָמאַנטיש אוים־זעענדיק, האָט שוין פאַרטיק דעם ענטפער:

— כ׳מיין... חתונה האָבן.

צעלאַכט זיך הילכיק דער סאָלדאָט:

— אָ ווי נאָאיוו סעניאָריטאָ. ניט געטראָפן. זי האָט מיט יענער מאָ־מעדיק האַרציקער שטימע געבעטן מיינע שטיוול: „כ׳האָב אַן אַלטן פאָ־טער — האָט זי דערציילט — איז ער נאַקעט און באָרוועס. די דייטשן האָבן אַלץ אַוועקגערויבט, און איצט איז ווינטער, איז אים קאַלט״...

---

דער רעגן גיסט, ריטשקעס רינען ביי די זייטן פון גאַס, פון בליש־טשענדיקן גאַסן־אַספאַלט שלאָגט א הייסע פאַרע, ווי א רויך, און שטיקט ממש דעם אָטעם צו פאַרכאַפּן. דער סאָלדאָט טובלט זיך אין א ים פון ציי־גאַרנרויך. ר׳איז באַהערשט פון א מאָדנעם באַגער: זאָל כאָטש דער רעגן דויערן נאָך א פּאָר שעה, נאָך אַ פּאָר שעה. ס׳ווילט זיך אָפּנים פון א שווע־רער משא באַפרייען פון א לאַסט וואָס פרעסט זיין האַרץ. ער רעדט ווייטער:

„צוריקגעקומען פון פראָנט, שוין באַלד א יאָר. מוזיק האָט געשפּילט. א גענעראַל האָט מיר אָנגעהאַנגען צוויי בלעכלעך און דערביי מיך גע־קושט אין ביידע זייטן פּנים. און שוין... מ׳האָט מיך פאַרוואָרפן ווי עפּעס א ניט נוצלעכעס, איבעריקס, אין א שפּיטאָל, צווישן אַנדערע, נאָך אַזעל־כע „העלדן״ ווי איך. קיינער קומט ניט צו מיר, עלטערן האָב איך ניט, פריינט און באַקאַנטע — ווי פאַרשווּנדן. ערשט היינט האָב איך א טראַכט געטאָן: ס׳ווילט זיך זען מענטשן, די שטאָט, און טאַקע... די פריי־הייט, פאַר וועלכער איך האָב געקעמפט, פאָרט פאַרביי אַן אויטאָ, און איך צום שאָפער:

— הער ברודערל, כ׳וויל זען די שטאָט. אָרעם בין איך ווי אַן אורו־בו־פויגל, און פיס האָב איך ניט, כ׳בין א „העלד״... א ווילער יונג דער

שאָפער ,ר׳האָט מיך אַהערצו צוגעפירט. איצט וויל איך פרעגן: האָט זיך טאַקע געלוינט דער גאַנצער עסק? האַ? אמת, מ׳האָט „פריצן” צע־האַקט אויף שטיקלעך, ווי מ׳צעהאַקט א שלאַנג, ס׳איז דער וועלט לייכ־טער געוואָרן. אָבער, מיר, מיר דעם האַלבן מענטשן, ווער וועט לייכטער מאַכן?...

א סך פון די צוהערער האָבן די אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, ווי פאַרשעמטע, אייניקע האָבן זיך אַליין פאַרטראַכט. דערוויל האָט דער הימל זיך אויסגעטאָן פון וואָלקנס, איז לויטער בלוי געוואָרן. א מילדע זון האָט זיך באַוויזן. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באשעפטיקטע יאָגן זיך פון מענטשן, ס׳איילן זיך. און דער סאָלדאַט איז ווידעראַמאָל איינער אַליין געבליבן. אַן אומעט האָט אים אָנגעהויבן טאָטשען ווי א וואָרעם, ס׳האַרץ האָט זיך געקנוילט אין שאַרפע ווייטיקן: ר׳איז איבעריק, איבע־ריק, ווער דאַרף אים?...

און א שטאַרקער ווילן האָט אים איצט באַהערשט, מיט א דונערדיקער שטימע אויסצושרייען: הער, גוטער שאָפער, כ׳בין אָרעם, און פיס האָב איך ניט. קיינער דאַרף מיך ניט דאָ. קיינעם פעל איך ניט. פיר מיך צוריק אין שפּיטאָל אריין צו מיינע „העלדן”, דאָרט איז מיין היים... מיין היים...



טאָג־טעגלעך קומען זיי לעצטנס אָן אין שטאָט אריין. פון אינטעריאָר קומען זיי, פאַמיליעס גאַנצע. זיי ברענגען מיט מיט זיך הונגער־שרעק, וואָס הוליעט איבער ווייט פארוואָרפענע דערפלעך, אין איינזאַמע ליימענע הייזלעך. זיי ברענגען מיט מיט זיך דעם ברענענדיקן דורשט פון נאַקעטע פאַרברענטע פעלדער, פון וועגן און שטעגן טיף־שטויביקע, געדיכט־זאַמדיקע, פון פלאַמענדיקער זון צעגליטע. זיי גייען קוים. פיס — שפּענער אויסגעטריקנטע, דינענקע, — שלעפּן קוים מידע גופים, ווי עפּעס איבעריקס.

צוערשט גייט דער מאַן. ער טראָגט אויף די באַשווייסטע פּלייצעס א זאַק, — קויטיק און פאַרשמירט, אַזוי ווי זיינע פאַרברודיקטע באַשטויבטע פיס. זיין פּנים געדיכט באַוואָקסן, זיינע אויגן אָנגעצונדן מיט שרעק. אָט באַלד, דוכט זיך, וועט ער זיך צעשרייען, אַזש מענטשן פאַרבייגייענדיקע וועלן בלייבן שטיין געפּלעפטע. ביי די פרויען און קינדער זיינען די פּנימער געל ווי קוקורוזע־מעל, די האָר צעשויבערטע, ווילד־צעבלאָזענע. מיט איין האַנט פירן זיי א קינד, אין דער צווייטער טראָגן זיי א קליינינקס. די איבעריקע קינדער, לויפן נאָך ווי הינטעלעך. ביים קליינוואַרג זיינען די אויגעלעך טראַכאָמע קראַנק. זייערע וויעס פול מיט אייטער, קלעפּן זיך ניט דערשלאָפּענע.

עס צעווייינט זיך א קינד. די מוטער פּרוּווט אפילו ניט עס צו באַרויִקן. זי איז אַזוי גלייכגילטיק צו דעם געוויין... מערסטנס באַזעצן זיי זיך אויף די טראָטואַרן, וואָס גרענעצן זיך מיט געסלעך שמאָלינקע און ענגע, אָדער אָנגעשפּאַרט צו קאַלטע צעמענטירטע ווענט פון א קלויסטער, ווי אויף א ווייכן צוקאָפּנס, אומבאַוועגלעך ווי גולמס, און אויגן פאַרזשמורעטע קוקן אייז־קאַלטע, מיט בליקן געצילטע אין איין פּונקט.

דוכט זיך: זיי זעען ניט די הוליענדיקע גרויסשטאָטישע גאַסן, זיי זעען ניט די וויטרינעס מיט אלדאָס גוטס.

איינִיקע פאַרבייגייער בלייבן שטיין, באַטראַכטן זיי מיטליידנדיק.

איינער שושקעט אריין דעם צווייטן:

— עס איז דער הונגער...

דער צווייטער ענטפערט:

— שלעכטע צייטן קומען אָן...

א גוטע ווייכהאַרציקע אַלטיטשקע קומט אָפּט צו, ברענגט פאַר די קינדערלעך, ווי א באַבע פאַר אירע אייניקלעך, א פּאָר פרישע זיסע זעמע־לעך מיט פּוטער באַשמירטע. די קליינינקע קייען מיט זייערע קאַליע צײנדלעך, שמאַטשקען מיט בלויע ליפּעלעך, האַלטן מיט ביידע הענטלעך די זעמעלעך, גלייך ווי מורא האָבנדיק, עמעץ זאָל זיי ניט אויסכאַפּן ביי זיי.

אָפּטמאָל באַקלאָגט זיך ס׳גלחל פון קלויסטער:

— סטייטש זיי פאַרשטעלן דעם דורכגאַנג פאַר די דאַמען.

מוז שטרענג זיין קעגן אייגענעם ווילן. ער פאַרענטפערט זיך:

א פאָליציימאַן קומט דערווייל אונטער. ער באַקלאָגט זיך אויכעט: ער — געזעץ... א באַפעל מוז מען דורכפירן...

הויבט מען זיך גלייכגילטיק אויף, אָן פּראָטעסט. שטילשווייגנדיק. פאַרלאָזט מען ס׳אָרט. און דאָך, צומאָרגנס, באַגעגנט זיי דער שטאָטישער אינדערפרי, אויף די זעלביקע פלעצער ווי נעכטן און אייערנעכטן, צוזאַמענ־געטוליעטע, לייכט־דרעמלענדיקע, מיט קעפּ באַהאַלטענע צווישן זייערע קני...

און אָט אין א מיטן־העלן טאָג, האָט די גרויס־שטאָטישע גאַס זיך אָפּ־געשטעלט פאַרחידושט, און מיט גרויס נייגער געקוקט: פאָרויס איז געגאַנ־גען אן אַלטער מאַן מיט א צעפליקטן שטרויענעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, זיינע טריט פעסטע, זיין שפּאַנען שטאָלץ. נאָך אים זיין באָרוועס אייניקל, א מאָגער מולאַטל, מיט קליינע נישטערנדיקע אויגעלעך און צולעצט, א נאַקעט אָפּגעשוירן לעמל געשפּאַנט אין א קליין א קליין וועגעלע פון א הילצערן קעסטעלע געמאַכט, מיט א פּאָר אויסגעקרומטע רעדעלעך. ס׳וועגעלע —

אָנגעלאָדן מיט שמאַטעס ברודיקע, אַ פּאָר הילצערנע לעפל און עטלעכע בלעכענע פּושקעלעך — זייער געפּעס.

זיי האָבן הפּנים וויייניק וואָס אַכט געלייגט אויף די מענטשן וואָס באַטראַכטן זיי טשעקאַווועדיק, אויף דעם אָפּשטעלן זיך פון טראַמווייען, און אַפילו ס׳חוזקפולע צעלאַכן זיך פון אייניקע פאַרבייגייער. ביים נאָענטן שטאָט־גאָרטן האָט דער אַלטיטשקער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשפּאַנט ס׳לעמל, וואָס האָט קוים הוידנדיק זיך אויף די פיסלעך, זיך אַוועקגעלייגט. ביים פאָנטאַן האָט ער אָנגעפולט אַ בלעכענע פּושקע מיט וואַסער, אָנגעטרונקען ס׳לעמל, דערנאָך ס׳אייניקל און זיך.

אַ פּאָר דינסטמיידלעך האָבן באַלד געבראַכט פאַרן אַלטיטשקן און זיין אייניקל עסן. זיי האָבן אָפּגעדאַנקט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, צוערשט זיך געצלמט, אָפּגעמורמלט שטיל אַ תפילה מיט צוגעמאַכטע אויגן, דערנאָך פאַרטראַכטע אָנגעהויבן עסן, געקייט פּאַמעלעך, און צונויפקלייבנדיק יעדע קרישקעלע עס אַריינגעוואָרפן אין די ברייט צעעפנטע מיילער. און קינדישע פרייד האָט אָנגעפילט זייערע הערצער. זיי האָבן פאַרן לעמל געבראַכט אַ פריש בינטל גראָז. ס׳לעמל האָט אַפילו זיך קיין ריר געטאָן, נאָר געקוקט מיט אומעטיקע אויגן אויפן גראָז, אַפּעטיטלאָז.

אַ יינגעלע, גלעטנדיק ס׳לעמל מיט זיינע ווייכע וואַרעמע הענטלעך, האָט זיך האַרציק געבעטן:

— עס לעמעלע, עס....

דאָ איז שוין דער אַלטער אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ, צוגעגאַנגען צום לעמל, מיט ברייטע האָרעפּאַשנע דלאָניעס אָנגעהויבן עס גלעטן, איינרייבן ס׳בייכל ערנסט פאַרטראַכט, פאַרזיכטיק, אַזוי ווי מ׳גלעט אַ ווייטיקן בייכל פון אַ קינד. ס׳לעמל אַ ביסל אויפגעלעבט, האָט אָנגעהויבן קייען ס׳גראָז.

אַ רעפּאָרטער מיט זיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, איז פּלוצים אויסגעוואַקסן ווי פון דער ערד אַרויס. צוערשט האָט ער זיי ביידן אָפּגעפאָטאָגראַפירט, אויך ס׳קייענדיקע לעמל. נאָכהער זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַלטיטשקן מעשה גוטער פריינט:

— פון וואַנט זיידעניו?

דער אַלטיטשקער, איינוויקלענדיק טיטון אין א קוקורוזע־שאָלעכץ, האָט רואיק געענטפערט:

— נו, יאָ, ווייט... אָנדערטהאַלבן טעג גאַנג פון דאַנען...

— הונגער?

— נו, יאָ, צוערשט איז געקומען דער היישעריק, געפרעסן, געפרעסן, דערנאָך — די פּסעכע, און פאַרברענט.

— ס׳רעגנט ניט זיידעניו?

— ס׳רעגנט ניט — דער אַלטער זיפצט — המ... ס׳האַרץ ווייטיקט צוזעענדיק ווי ביימעלעך און גרעזעלעך ווערן פאַרטריקנט — און פאַרצי־ענדיק געשמאַק דעם ציגאַר, צוגעגעבן — גאָט צאָרנט אויף אונדז. דער מענטש איז שלעכט געוואָרן. ער דאַוונט נישט מער צו אים. ער האָפט ניט מער צו אים. מען פאַרלאָזט ערד און היים, מען לויפט אין דער זינדיקער שטאָט אריין...

— און פאַרוואָס ביסטו געקומען זיידעניו?

דער אַלטיטשקער צעלאַכט זיך:

— כ׳האָב געזען ווי אַלע לויפן, בין איך אויך געלאָפן. שווער געווען צו זען ווי ס׳ביסל בהמות פאַלט אַוועק און שטאַרבט אויס, און טאקע ס׳געוויין פון מיין אייניקל...

— נאָר דאָס איינע קינד?

זיפצט דער אַלטיטשקער:

— נו, יאָ... געהאַט א טאָכטער, א געזונטע מויד. זי האָט ליב געהאַט די ערד, די היים. פּלוצים האָט זי זיך פאַרליבט אין א פאַרפוצטן בחור. איך האָב געטענה׳ט: — קינד מיינס, ער איז א געפּוצטער, ער איז א פוילער, א וואַגאַבונד, ער וועט די ערד ניט באַאַרבעטן.. נו... האָט זי חתונה געהאַט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו שכורן. אין די פאַרנאַכטן פלעגט ער זי שלאָגן, מיך שלאָגן, דאָס קינד שלאָגן...

אין א שיינעם טאָג האָט ער אונדז פאַרלאָזן. זי פלעגט אין דער שטיל וויינען, געבענקט, געברענט דורך די נעכט, ביז זי איז קראַנק געוואָרן, ביז

זי איז געשטאָרבן. געבליבן איז דאָס דאָזיקע אייניקל, אַנטאָניע, מיין איינ־ציקע האָפענונג...

— יאָ, יאָ זונעניו, מענטשן זיינען שלעכט געוואָרן, איז גאָט בייז דער־פאַר אויף אונדז, שטראָפט ער אונדז...

דער רעפּאָרטער, א צופרידענער, האָט אריינגעשמייכלט אין זיך, באַ־טאַפּט זיינע קעשענעס, געגישטערט אין זיי, אויסגעקראַצט א פּאָר בידנע קרוזייראָס און דערלאַנגט דעם אַלטן.

— א דאַנק זונעניו — האָט דער אַלטיטשקער זיך געגנויגט פאַר אים — גאָט זאָל דיר צאָלן...

פּלוצים האָט דאָס לעמל ווי פאַרשיכורט זיך א וואַקל געטאָן אויף די הינטערשטע פיסלעך, און אוועקגעפאַלן אויף דער ערד. צוערשט האָט עס ווייטיקדיק זיך צעמעקעט, דערנאָך אַלץ שטילער און שטילער געקרעכצט. ווידער איז דער אַלטיטשקער אַנגעלאָפן, עס אָנגעהויבן באַטאַפּן, רייבן דאָס בייכל, ווי ביי א קינד, וואָס שפּירט קרעמפּן.

— קינד מיינס, קינד מיינס — האָט ער פאָטערלעך באַדויערט — ביסט קראַנק נעבעך...

און באַמערקנדיק ס'ווייסע צינגל, וואָס דאָס לעמל האָט ארויסגע־שטעקט פון ווייס באַשוימטן מויל, האָט ער, ווי א באַליידיקטער פון עמעצן, האָפענונגסלאָז זיך צוריקגעקערט.

— עס שטאַרבט אַנטאָניע, עס שטאַרבט נעבעך...

אַנטאָניע איז צוגעפאַלן צום שווער־אָטעמענדיקן בהמה'לע, עס אַרומ־גענומען, צוגעטוליעט זיין טונקלהויטיק פּנימל צום לעמלס און געשריען וויי־נענדיק:

— שטאַרב ניט, שטאַרב ניט לעמעלע...

מענטשן און קינדער מיטליידנדיקע, האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אייניקע מיט זויערע פּנימער, אַנדערע מיט טרערנדיקע אויגן, האָבן געקוקט אויף די צוויי פריינט, וואָס ווילן זיך בשום אופן ניט צעשיידן.

ס׳לעמעלע האָט ווייזט אוים צום לעצטן מאָל זיך אָנגעשטרענגט, גע־עפנט די אויגן, געשענקט א געטרייען געזעגענונגס־בליק דעם מולאַטל, דערנאָך אויסגעצויגן די פיסלעך, און זים אַנטשלאָפן געוואָרן.

— געשטאָרבן, זיידעניו — האָט דאָס מולאַטל געכליפּעט, באַווייזנדיק ווייסע ציינדלעך מיט א ווייס צינגל — געשטאָרבן ס׳לעמעלע און איצט האָב איך מער קיין לעמעלע ניט. לאַנג, לאַנג נאָך האָט אַנטאָניע געוויינט, ביז ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און נאָר שטיל אין זיך געזיפצט. יעדער זיפץ האָט מיט אים א וואָרף געטאָן ווי א שלוקערץ. ער איז א פאַריאָמער־טער געבליבן זיצן, די אויגן געצילטע צום טויטן בהמה׳לע, צום ליידיקן אויסגעשפּאַנטן וועגעלע.

דער אַלטיטשקער האָט מיט זיין דאָרפישער רואיקייט, גענומען דרייען א ציגאַר, פאַררויכערט, א שפּיי געטאָן, און פאַרטראַכט זיך. לאַנג, לאַנג געטראַכט. א קוק געטאָן צום פאַרנאַכטיקן הימל, ווי זוכנדיק דאָרט עפּעס און זיך אָפּגערופן:

— טאָניניאָ, די נאַכט וועלן מיר זיך אויסרוען, און מאָרגן וועלן מיר זיך אומקערן צוריק.

— ווּהין זיידעניו?

— צו אונדזער ערד, צו אונדזער היים.

— ס׳רעגנט דאָך ניט.

— ס׳וועט רעגענען. ס׳אַ זינד צו פאַרלאָזן די ערד, זונעניו! מען פאַר־שעמט זי.

דער אַלטיטשקער האָט האָפענונגספול צוגעשאָקלט מיטן גרויען קאָפּ:

— ס׳וועט רעגענען.

אַנטאָניע קוקנדיק אויפן טויטן לעמעלע, האָט מיט א פאַרזאָרגטן פּנימל זיך פאַרטראַכט.

— און טאָמער וועסטו שטאַרבן זיידעניו? האָט דער קליינטשינקער ווידער זיך צעכליפּעט — אָט אזוי ווי דאָס לעמעלע?

דער אַלטיטשקער האָט, זיכער ביי זיך, אים בארואיקט:

— ניין קינד מיינס — איך בין נאָך גענוג קרעפּטיק — און זיך צלמדיק צוגעמורמלט:

— גאָט איז מעכטיק... נאָסאָ סעניאָר איז גרויס...

ביידע זיינען ווידעראַמאָל געבליבן זיצן שטיל. עלעקטרישע לאָמפּן האָבן זיך צעשמייכלט, שילדן פאַרשידנקאָלירקע האָבן אָנגעהויבן ווינקען. די נאַכט האָט איינגעהילט די גרויסע שטאָט.



עס גוססן די לעצטע שעה׳ן פון א צעהוליעטער נאַכט. אויף באַרואיק־טע אַספּאַלטירטע גאַסנוועגן, אויף בוימער פון שטאָט־גערטנער, אויף טע־לעגראַף־סלופּעס, וואַלסירן מיט א ווינטעלע סערפּעטין־לענטעס, און ס׳דרייט זיך דער קאָנפעטי אין א פאַרשידנפאַרביקן קאַראַהאָד. דער אויסגעשפּריצ־טער פּערפיום־ריח וועפּט זיך אוים. דער קאַרנאַוואַל, א פאַרכמעליעטער פאַ־יאַץ, ראַנגלט זיך טיטאַניש מיטן זאָרגפול קומענדיקן טאָג. ר׳וויל ניט באַ־פרייען די אָנגעזויפטע פרייד פון הינטער זיין מאַסקע. ער צעזינגט זיך נאָך הייזעריק ערגעצוווּ, קוים וואַכנדיק ביי א ליידיקן שענק־טישל און פון צייט צו צייט, אויף א שנעל פאַרביישווינדלדיקן אויטאָמאָביל, פול געפּאַקט מיט מענער און פרויען העל־פאַרביק געקליידטע.

מידע גאַסן הויבן אָן צו דרעמלען. עס שניידט נאָך ווען ניט ווען דורך א ליידיקער טראַמוויי. ס׳ווערט שטיל, שטילער. מ׳הערט נאָך ס׳בענקענדי־קע רעוועז פון א שיף אויפן ברייטן אַטלאַנטיק און ס׳בלאָזן פון א היים ווינ־טעלע, וואָס פליקט אָפּ פון ביימער קראַנקע, אויסגעדאַרטע בלעטער.

אין א ראָג פון גאַס שטייט א יונג מיידל. ביים עלעקטרישן שיין פינקלט איר וויים־סאַטינענע פאַנטאַזיע מיט די פולקאָלירטקע קרעלן. ס׳ווינ־טעלע שפּילט זיך מיט אָט־די קרעלן, צעקלינגט זיי, צעבלאָזט די פיל סטענ־געם פון איר בלוזקעלע. די גאַנצע הינטערשטע טייל פון איר קלייד איז צע־קנייטשט און באַשטויבט. אָט שפּאַרט זי זיך צו א מידע צו א בוים, אָט שמייכלט זי צו זיך, ווי דערמאָנט אין זיסע דרייטאָגיקע אַוואַנטורעס און באַגעגענישן. פּלוצים פאַרקנייטשט זיך דאָס מאָרענע פּנימל מיט דעם פאַר־זאָרגטן שטערן, — ווייזט אוים מיטאַמאָל זיך דערפילט עלנט, פונקט אזוי ווי די אַצטיקע לעצטע נאַכט־שעה׳ן. און מיטאַמאָל א געוויין. צוערשט שטיל, אזוי ווי דאָס רעגנדל, וואָס פאַלט דאָ ערגעץ נאָענט און דערנענטערט זיך. ס׳בלאָנדזשעט איצט דאָס וויינען, ווי א פאַרוואָרלאָזטער עלנטער הונט. טיר און טויער זיינען געשלאָסן, ניטאָ ווו אָנצוקלאַפּן. ס׳איז קיין מענטשנ־האַרץ ,דוכט זיך, איצט וואַך, דאָס געוויין מיטליידנדיק אויפצונעמען.

ביי א באַנק אויף דער נאָענטער פּראַסאַ, ווו אַן אַלטיטשקע געפינט שוין יאָרנלאַנג איר נאַכט-רו, האָט זיך אָפּגעשטעלט ס'געווין. די אַלטיטש-קע, מיט א פּנים צעקנייטשט ווי די קאָרע פון אַלטן בוים הינטער וועלכן זי שלאָפט און מיט איין בלינד אויג אייביק צוגעשלאָסן — עפנט קוים א שפּאַרונקעלע פון צווייטן אויג. זי זעצט זיך אויף און קראַצט אומצופרידן אירע גרויע צעפּאַטלטע האָר, זי איז ברוגז פאַרן שטערן איר רו, איר ביסל דרימל. זי פּילט אָן מיט טיטון אַן אַלט-פאַררויכערטע ליולקע, און טראַכטנ-דיק הייבט זי אָן פּיפּקען, אוועקשפּריצנדיק יעדעסמאָל א שפּיי: הע... הע... זי האַסט דעם יום-טוב, נאָר מענטשן צו פאַרפּירן, נאָר הערצער צו פאַר-בלאָנדזשען. נאַרישע מענטשן איצט! — פאַר א ביסעלע פרייד דאַרף מען באַצאָלן מיט אזוי פיל טרויער, אזוי פיל יאָמער?

— העי, שטילער! — שרייט די אַלטיטשקע — קיינער וועט דיך איצט ניט הערן, קיינער דאַרף דיך ניט הערן. באַהאַלט דעם סוד אין זיך. ווער האָט דיר געהייסן זיך באַנאַרישן?

— — — אירע וואַרטשנדיקע ווערטער, איינציקווייז אויסגעציילטע, ווי געציילטע טראָפּנס פון א וואַסער-קראַן, באַגעגענען דעם באַגינען, צו-זאַמען מיט א מיידליש געוויין. און שטערן, אַט די נאַכט-באַהעמען, הערן אויף צו ווינקען.

א טאָג שמייכלט אויף פון הינטער די באַרג-האָריזאָנטן.



## ערב אָנהייב

געווידמעט די טהורים וקדושים
פון מיין שטעטל סעקוראָן

## קאַפּיטל א

אין א מראַטשנעם אָסיענטאָג זײַנען די רומענער אָנגעקומען אין אונדזער שטעטל. צוערשט האָבן מיר דערזען קליינע שוואַרצע פּינטעלעך זיך באַוועגן אַרויף און אַראָפּ אויפן אָקניצער באַרג, צו וועלכן אונדזער שטעטל שטייט שטענדיק שמונה-עשרה. דערנאָך דורך דער קאַצאַפּסקער גאַס, האָבן זיי מאַרשירט מיט מוזיק פאָרויס. אין א טונקל גרויען פּיין צוגעפּאַסטן שינעל, האָט אויף א פערד געריטן, אן אָנגעפּודערטער אָפיציר, מיט א בליאַסקנדיקער שווערד אין האַנט; נאָך אים סאָלדאַטן מיט שפּיציקע קוטשמעס אין צעריסענע שינעלן, אין פּאָסטאַלעס געשוכטע, מיט פיס איינגעוויקלט אין קויטיקע אָניטשעס. פון הינטער די קוטשמעס האָבן אַרויסגעקוקט הונגעריקע אויגן און זייערע גופים האָבן געציטערט פון פראָסטיקער קעלט און פונעם פויל-פאַלנדיקן דריבנעם רעגנדל.

אינמיטן מאַרק האָבן זיי אָפּגעוואַרט א פּאָר דערשראָקענע ייִדן, אין שבתדיקע קאַפּאָטעס, צוזאַמען מיטן דיקן פּעקאַרניק, אַפּאַנאַסיע, כדי זיי מקבל פּנים צו זיין. אַפּאַנאַסיע, פאַרפּוצט אין א ליכטיק-בלויען שעוויאָטענעם קאָסטיום, אין לאַקירטע קאַמאַשן אינמיטן געקנעפּלט, האָט שטאָלץ אַרויסגערוקט זיין אויפגעוויירענעם בויך. מיט איין האַנט האָט ער געדרייט די עקן פון זיינע לאַנגע שוואַרצע וואָנצעס, וואָס קריכן אין זיינע מויל-ווינקלען און מיט דער צווייטער — האָט ער געהאַלטן א זילבערנע טאַץ מיט א שוואַרצן קאָרנברויט און זאַלץ.

דער געפּודערטער אָפיציר איז פון פערד אַראָפּגעשפּרונגען, זיך א נויג געטאָן, אויסגעטאָן די הענטשקעס, יעדן איינעם באַגריסט, דערנאָך אָפּגעשניטן א רייפטל קאָרנברויט, איינגעטונקען אין זאַלץ און פאַרזוכט. און אזוי קייענדיק דעם ביסן, זיך ווידער אַרויפגעזעצט אויפן, ווי סאַמעט בלישטשענדיקן פערד, געריטן ווייטער אין דער ריכטונג פון די קאַזאַר-

מעס. און יידן, קוקנדיק אויף די סאָלדאַטן, אויף די מאָגערע שקאַפּקעלעך, וואָס האָבן איינגעבויגענע, באַלאַסטעטע מיט מאַשין־געווער, קוים געשפּאַנט, האָבן געשמועסט צווישן זיך שטילערהייט.

דער קצב, שאַיע ביק, א ייד א סלופּ, מיט א רויטן פּנים, און א טונקל־רויטע באָרד, וואָס איז ביכולת מיט זיינע ידים דעם שטאַרקסטן ביק אַוועקצולייגן, האָט זיך געוויצלט און מיט א הייזעריקער געמבע געפרעגט מיין פאָטער:

— נו, פּסח, ווי געפעלן דיר דידאָזיקע וואָנצן?

מיין פאָטער האָט אויפגעשטעלט דעם פוטערנעם קאָלנער פון זיין טולופּ, ס׳פּנים זיינס איז געווען פאַרזאָרגט, הינטערן אָפּגעריבענעם קאַטיק האָט זיך געקנייטשט זיין שטערן:

— לאָך ניט שאַיע, דידאָזיקע וואָנצן וועלן אונדז נאָך געבן באַסן.

און עליקל שניידער, וואָס זינט ר׳איז פון „פליען" געקומען און וויל זיך בשום אופן ניט צעשיידן מיט זיין סאָלדאַטסקן קאַקענעם היטל, מיטן טונקל־גרינעם לאַקירענעם דאַשעק, האָט באַלד זיך געקריוודעט:

— און דו מיינסט אז זיי וועלן זיך דאָ א סך צאַט זימעווען?

דאָ האָט יוסף־לייב, א שטיקל נגיד, וואָס האָט נחת־רוחדיק געהאַלטן אין איין שמעקן טאַבאַק זיך צעלאַכט:

— און ווער וועט זיי ניט לאָזן דאָ זיך זימעווען, די קראַנקע „משה׳־לעך" אויף „יענער זאַט"? ס׳איז דאָך א וואָלאָסט...

עליקל האָט גאַליק זיך צעלאַכט:

— ציגאַנער... אויכמער א וואָלאָסט, לאָזיקע פאַרכעס . . .

ס׳רעדל יידן אויפן טראָטואַר האָט זיך אָנגעהויבן פאַרגרעסערן. און ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד האָט באַלד אָנגעיאָגט א זשאַנדאַר, וואָס האָט געפאָכעט מיט א נאַהייקע אין האַנט. ער האָט זיך אַזש באַסליי־נעט גיך רעדנדיק:

— א קאַסאַ, אַ קאַסאַ, אינצעלעזש?

גלייך ווי באַליידיקטע, שטילע, מיט קעפּ אַראָפּגעלאָזטע, מיט פּליי־צעס געבויגענע זיינען זיך יידן צעגאַנגען. עמעץ האָט א זיפץ געגעבן און אַרויסגעקרעכצט:

— מ....נאָ אָסאַדנע פּאַלאַזשעניע...

## קאַפּיטל ב

אין יענעם טאָג, אַנגעשפּאַרטע צום וואַנט פון בראָדער־שול, אין אונ־דזער פּוסטער מאַרק־גאַס, האָבן צוויי יידן זיך געקריגט, געשעפּטלעך: אין שטעטל פעלט אוים מעלעץ. די אוקריינע איז פאַרמאַכט, דער יקרות שווילט טעגלעך, האָט שמואל־אהרן בעביטש בסוד־סודות, געקויפט 20 זעקלעך מעלעץ ביי שיקאַלע קאַלעכניק. דאָס קריגן האָט זיך אָנגעהויבן סטאַטעטשנע, סוחריש, מיט א כלומרשטן שמייכעלע, וואָס חלומט וועגן אַדורכקומען צווישן זיך:

סוד...

— ס'אַ ליגן. ביסט א גראַבעזשניק, ביסטו, האָסט אים אַליין אויסגע־מישט מיט זאַלץ.

— א גראַבעזשניק ביסטו, א רוח אין דיין... איך שעלט דיך ניט אין טאַטן אריין, ווייל ער איז געווען אַן ערלעכער ייד.

צוערשט האָבן זשעסטיקולירט הענט, נאָכהער האָבן אויסגעשטרעק־טע פינגער געטייטלט איינער דעם צווייטן אין די פּנימער אריין, צולעצט האָט יעדער איינער, מעשה געדעכטער ביי זיך, אָנגעכאַפּט דעם צווייטנס לאַצן:

— צום רב! צום רב!

און זעענדיק פונווייטנס ווי א פּאָר רומענישע קאָוואַלעריסטן האָבן שנעל געריטן צו יענעם פּלאַץ, האָבן א פּאָר יידן פונווייטנס זיי געוואָרנט:

— טראָגט זיך אָפּ!... שחורים!...

אָבער שנעלער ווי א וויכער האָבן זיי אָנגעיאָגט. אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און באַלד אָנגעשטעלט אָנגעלאָדענע ביקסן אויף די צוויי יידן. איינער, ווייזט אויס א סאַרזשענט האָט זיך מעשה תקיף אַוועקגע־שטעלט גדלותדיק, צעשפּרייט זיינע פיס און מיט א חוזק־שמייכעלע זיך געוויצלט:

— אזוי גאָר? איר רעספּעקטירט ניט די אָרדענונג, זשידאַנעס?

ביידע יידן מיטאַמאָל בלאַס־געוואָרענע, זיינען שטיין געבליבן ווי געליימטע, זייערע אויגן אָנגעפּולטע מיט שרעק האָבן געפינטלט אָן אויפ־הער.

— דרעפּץ, דרעפּץ — האָט דער סאַרזשענט געקאָמאַנדעוועט מיט זיי — אַראָפּגענומען די היטלען!

אויף טראָטואַרן האָבן מענטשן זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען. גע־בליבן שטיין פונווייטנס ווי צוגעקאָוועטע צו דער ערד. ס'האָבן אויסגע־גלאָצטע אויגן חידושפול געקוקט צו יענעם פּלאַץ, וווּ סאָלדאַטן האָבן מיט א באַזונדערער הנאה געהאָגלט מיט פריקלאַדן, אויף די יידנס פּלייצעס, אין זייערע קריזשעס, געבריקעט מיט זייערע באַטשוועקטע שטיוול אין זייערע זייטן אריין. ביי יעדן קלאַפּ האָבן מענטשן פונווייטנס שטייענדיק, ווייטיקלעך פאַרקרימט זייערע פּנימער, גלייך ווי זיי זיינען די אומרחמ־נותדיק געשלאָגענע, גלייך ווי זייערע אייגענע גופים ווערן געפּאַסעוועט. אָן אויסגעצויגן געוויין האָט זיך אַריינגעריסן פּלוצים אין דער פּאַרטייע־טער גאַס, דאָס זיינען געווען זייערע אָנגעקומענע ווייבער — מיט האָר צעפּאַטלטע. אין זייער אומבאַהאָלפנקייט האָבן זיי אויסגעשטרעקט די הענט פול מיט געבעט צום הימל. באַלד האָבן זיך די הענט איינגעפּלאָנ־טעט אין זייערע צעשויבערטע האָר, דערנאָך מיט נעגל געגראַבלט ביז בלוט די באַקן, די נעז און מוילווינקלען. דערביי האָבן זיך זייערע האַלדז־אָדערן אויפגעבלאָזן ווי קישקעלעך בעתן שרייען:

— גוואַ־אַלד יידן, וואָס שטייט איר? ז׳וועלן דאָך דערהרגענען אונ־דזערע מענער!

יידן האָבן אויף א ווײַלע זיך א ריר געטאָן. אָט באַלד, האָט מען גע־מיינט, וועט מען זיך צורוקן נענטער צו די סאָלדאַטן, און די הענט זיך „דערוואַרעמען״. האָבן אָבער א פּאָר אָנגעצילטע ביקסן זיי אָפּגעשטעלט ווי א פּלויט. דער עולם האָט צוריקגעטראָטן. עליקל שניידער האָט בײַז געוואָרטשעט:

— פאַרשאָלטענע! גיי טו עפּעס, אַז די הענט זיינען אַזוי ווי געבונדן!
— און ווענדנדיק זיך מיט א זויער פּנים צו שיקאַלע קאַלעכניקס ווייבל א פרעג געטאָן: — און ווי קומט צו אייער שיקאַלען מעלעין?

— אוי וויי איז מיר! — האָט יענע אויסגעצויגן א געוויין, גלייך ווי מ׳באַוויינט א טויטן — ער האָט געוואָלט מאַכן שפּע־גע־לאַ־ציע!

— שפּעגעלאַציע האָט זיך אים פאַרגלוסט, א טערפּקע לעבן אויף אים — און זיך צוריקכאַפּנדיק ווי חרטה־האָבנדיק — מילא... ס׳האַרץ טוט וויי צוצוזען אַזעלכע קאַרטינעס...

שפּעטער צו האָט מען די פּאָר פאַרחלשטע, צעבלוטיקטע יידן גע־טראָגן א היים. ביי זיי האָבן זיך הענט און פיס אבר־המדולדלדיק געוויגט און א שטילער זיפץ האָט זיך געהערט.

דער כמורנער טאָג האָט אָנגעהויבן נאָך טונקעלער ווערן. ס׳איז נאַכט געוואָרן. דאָס שטעטל האָט זיך פאַרריגלט,, פאַרלאָדנט און דער־שראָקן מיט האַלב אָפענע אויגן אָנגעהויבן דרעמלען.

## קאַפּיטל ג

הינטער אונדזער הויז האָט געדרימלט א ליקל. דאָרט האָבן גע־שמייכלט א פּאָר ווייסע שטיבעלעך. דאָס פאָדערשטע — זויבער געקאַלכט; זיינע פענצטערלעך האָבן מיט שייבעלעך ווי אויגן לויטערע געפינקלט און ווער ס׳האָט א קוק געטאָן פונוויטנס אויף דעם צעשטראַלטן שטיבעלע אין מרה־שחורה׳דיקן ליקל, האָט באַלד א טראַכט געטאָן: דאָ וווינט בלי־ספק, א יידענע א בריה מיט א פּאָר בריהשע מוידן וואָס אַרבעטן גאַנצע

טעג, פֿראַשען אַפּ ס׳מינדסטע שטויבעלע און לאָזן ניט אויף דער זאַמד-גע־לער, ליימיקער ערד, אַפּילו א שטרויעלע רוען. און דער שטרויענער דאַך, וואָס האָט מיט א שוואַרץ פֿאַררויכערטן קוימען, שטענדיק עפּעס א פֿאַר־זאָרגטער געפּיפּקעט מיט א דין רויכעלע, האָט דערמאָנט אין א ריין גע־קליידטן קאַוואַליר, א יורד מיט אן אַלט-מאָדישער צעפּליקטער שליאַפּע אויפֿן קאָפּ. דאָרטן האָט געוווינט אָשר טעפּער, — א מיטלוווּקסיקער מיט קליינע פֿאַרקלאַסטערטע, טראַכאָמע קראַנקע אייגעלעך, א טונקל-בלאָנד, צעפּאַטלט בערדל און פּלייצעס געהויקערטע. אין פּוסטע וואָכעדיקע טעג, פֿלעגט אָשר שטיין שטענדיק א שווייגנדיקער ביים פֿענצטער, רויכערן א ציגאַר, הויבן מיט די אַקסלען און סתם קוקן. פֿלעגט אָפּט געשען, אַז א גוי, צי א גוי׳ע וואָס איז געקומען אין שטאָט אריין האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין ליקל אריין און צוגעטוליעט צו דער וואַנט, — זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, און אָנגעהויבן אויפֿשפּיליען זיך... דעמאָלט פֿלעגט אָשר עפֿענען דאָס פֿענצטערל און בייז ארויסשרייען: סווינאַ! — און אויסשפּייענדיק דער־ביי מיט עקל — פּע... איוואַן קאַק... אַפּילו זיין גוטמוטיקע זעלדע פֿלעגט דערביי אָנלויפֿן: — אַהי! א בייז לעבן אויף אייך! שוין ניט געפֿונען אַן אַנדער פּלאַץ ווו צו פּי...?

דער גוי, ווי שטענדיק פֿלעגט זיך מיט דאָרפֿישער רואיקייט פֿאַר־קנעפּלען זיינע הויזן: — זשיד, ווו דען זאָל איך גיין? צי אפשר מאַכן אין דער זשמעניע אריין?

צוויי מיידלעך האָט אָשר געהאַט, חלות צוויי געראָטענע פֿון א פּריי־טיקדיקן אויוון: מלכה׳לע און שיינדל. געזונטע, שיינע מיידלעך, גלייכע ווי סאָסנעס, מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ. שטענדיק שמייכלענדיקע, שטענ־דיק צופֿרידענע, הן ביים העלפֿן טראָגן זייער פֿאָטערס טעפּ, גרויסע מאַ־קערטעס און קריגעלעך אויפֿן מאַרק-גאַס אין זונטיקדיקע און דאָנער־שטיקדיקע ירידים, הן שמייכלענדיק ביים באַגעגענען זיך, אָדער אין גע־שפּרעך מיט עמעצן. די מאַמע זעלדע פֿלעגט נחת׳דיק קוקן אויף זייערע פֿאַרביקע פּנימער און פֿלעגט זיך אויך צעלאַכן: „דער נאַר שטופּט זיי". און מענטשן האָבן זיך אָפּט געוווּנדערט: פֿונוואַנען אַזויפֿיל לעבנסלוסט, אַזעלכע שטאַלטנע קערפּערס און געזונטע רויט-פֿאַרביקע פּנימער, ווען אָפּט, טאַקע זייער אָפּט האָט אין זייער שטוב געפֿעלט א פּשוט שטיקל מאַמעליגע? און ווער שמועסט נאָך לעצטנס, זינט די רומענער האָבן זיך

דאָ באַזעצט! זעלדע איז אָפּט ארומגעגאַנגען פּאַראַומערט, און אפשר גע־וויינט שטילערהייט. איבערהויפּט אָשר וואָס האָט שטענדיק מיטן פאַר־נעצטן שטיקל ציגאַר זיך ניט געוואָלט שיידן, האָט דורך די שייבעלעך נאָר געקוקט אויף די דריבנע רעגנדיקע טעג, אויף דעם בלאָטיקן דרויסן, אויף די שטרויענע דעכער וואָס וויינען מיט גרויסע רעגנטראָפּנס און גע־קנייטשט אָן אויפהער דעם שטערן: אַז קיינע ירידים זיינען ניטאָ, פּרנסה ניטאָ, א פאַמיליע... מ׳דאַרף עסן... מ׳דאַרף עסן... מען דאַרף...

נאָר מלכה׳לע און שיינדל, האָבן יאַקאָש אָפּגעזוכט א שטיקל קאַלטע מאַמעליגע, א שטיקל בלויע ציבעלע, געשמאַק געגעסן, מיט געזונטע ווייסע ציין צעכראָמטשעט די ציבעלע און ווידער געשמייכלט, ווידער געלאַכט. נו, טאָקע פאַרוואָס אומעטיק זיין און ווערן צעפרעסן פון יסורים? אַז מען וויל איז דאָס לעבן שיין. און האַרבסטיקע טעג בליען ווי מאַיאָווע צעצווי־טעטע, מיט אַקאַציע און בעז.

---

שלימזל וועמען טרעפסטו? אָשר דעם אָרעמאַן. געשען איז עס אין א שבת אויפן שפּאַציר. ווו שפּאַצירט אונדזער שטעטל שבת בייטאָג? — הינ־טער דער טאָרהאָוויצער גאַס. דאָרט ענדיקט זיך אונדזער שטעטל. פון דאָרטן ציען זיך וועגן און שליאַכן. איין וועג פירט צו רחבותדיקע פעלדער וואָס כוואַליען מיט ווייץ און קאָרנזאַנגען, צו זייטיקע שמאָלע סטעזשקע־לעך וואָס שלענגלען זיך ביז צום אייביק ווייט זיך ציענדיקן סודותפולן וואַלד. דאָרטן רוען טאָליקעס ווייכגראָזיקע באַשפּרענקלטע מיט געלע און ווייסע בלימעלעך. אפילו א טיפער טאָל צעשניטן פון באַן־רעלסן, וואָס די באַן שניידט דורך מיט א פייף, איינמאָל אין טאָג, און לאָזט איבער א שוואַרצן רויך זיך ציען ווי פאָוואָטינע איבער פעלדער. א צווייטער וועג פירט צום פּריצישן הויף מיט זיין גרויסן און שטומען פּריצישן גאָרטן, לעבן א ווייס־געקאַלכטן קלויסטער. דאָ זינגט מען לידער שפּאַצירנדיק שבת, מען לאַכט צופרידענע מיט הילכיקע זאַטע געלעכטערס און פאָרלעך הינטערביימער, ליבן זיך, הלומען און זיפצן.

אין יענעם שבת פאַרנאַכט האָט מען געזען יונגוואַרג דערשראָקענע לויפן. מיידלעך מיט פלאַמענדיקן פחד אין די אויגן, האָבן היסטעריש־שריי־ענדיקע געזוכט א פּלאַץ ווו צו באַהאַלטן און ראַטעווען זיך. — וואָס איז

געשען? וואָס פאַר א לויפעניש גאָר אינמיטן העלן טאָג? קיינער ענטפערט ניט. נאָר איינער א פאַרסאָפּעטער בחור, זיין פּנים צעבלוטיקט, מיט צוויי קולאַקעס פאַכנדיקע אין דער לופטן, האָט א פאַרדעכעטער קוים ארויסגע־שטאַמלט: — „מלכה׳לע... אָשר׳ס.... דער געפּודערטער קאָמענדאַנט... איך האָב געוואָלט העלפן.. כ׳האָב ניט געלאָזט... האָבן סאָלדאַטן מיך געממיתט געשלאָגן, אַי! אַי! — פאַר כעס האָט דער בחור אָנגעהויבן בייסן זיינע פינ־גער און זיך צעוויינט...

אויפדערנאָכט האָט דאָס ליקל געווימלט מיט מענטשן.

יעדער איינער האָט, מיט א פאַרזאָרגטן און טאָקע נייגעריקן פּנים, געוואָלט אריינקוקן אין אָשרס ענגן שטיבל. זעלדע, די מאַמע, קוראַזש־פול מיט א בלאַסן נאָר מכלומרשט רואיקן פּנים האָט יעדן איינציקן באַ־געגנט ביי דער טיר: — איך בעט אייך, צעגייט זיך, צעגייט זיך, לאָזט מיך צורו, לאָזט מיין קינד רוען...

דאָ האָט שוין מיין פאָטער ווי א גוטער שכן צוגעהאָלפן, צוריקגע־שטופּט דעם עולם:

— ס׳אַראַ בייז וווּנדער אָף אַך? ס׳אי גאָרנישט געשען... גאָרנישט... מ׳האָט דאָס קינד געשלאָגן...

א פּאָר יונגעלייט האָבן צווישן זיך געשמועסט אין דרויסן און לעבן זיי נאָך עטלעכע האָבן „צוגעלייגט“ אן אויער:

— איז אָנגעלאָפן הייסט עס, דער „געפּודערטער“ אויפן שפּאַציר און דערזען פאַר זיך מלכה׳לען. — דערביי האָט יענער ברייט צעוואָרפן די הענט — אַזאַ געשטאַלט, אזא בנין! לאָמיר זיך ניט נאַרן, שיין ווי די וועלט, אן אוצר! האָט ער צו איר געשמייכלט און געזאָגט צו איר אויף רומעניש: דאָמנישאָראַ, סערוס מינעלע, ס׳הייסט באַרישניע, לאָז מיך קושן דיינע הענט...

— נו, און זי? — פרעגט א צווייטער.

— זי האָט אויך געשמייכלט, און ווען שמייכלט זי ניט?

— פּע, פּע, סע געפעלט מיר ניט — קראַצט זיך דער צווייטער אין קאָפּ

— וואָס געפעלט דיר ניט, ווידל איינער? וואָס דען האָט זי אים גע־זאָלט זאָגן? אז ער זאָל איר קושן ערגעץ אַנדערש? היינט ווי אזוי קען מען אים אָפּזאָגן? ר'איז דאָך א רומענישער קאָמענדאַנט.

— נו, און וואַטער?

— וואַטער האָט די קי אַן אַטער, לעקיש־בער איינער.

אין אָשרם שטיבל, אין א ווינקל בין איך געשטאַנען. כ'האָב געזען: א בלאַסע, א פאַרשעמטע, האָט מלכה'לע איינגענורעט איר ליכטיקן פּנים אין קישן און דאָרט דערשטיקט אַן אומשולדיק געוויין. לעבן איר — די מאַמע זעלדע און שוועסטערל שיינדל מיט אַנגעגאָסענע אויגן; זייערע פּנימער האָבן זיך געקרימט, זייערע ליפּן האָבן געציטערט. מלכה'לע האָט אין יענעם אויפדערנאַכט דערמאָנט אין א פאַרשוועכטער ספר־תורה דורך כוליגאַני־שע הענט אין א פּאָגראָם. אויסגעדרייט צום פענצטערל ווי שטענדיק, איז געשטאַנען אָשר און געראויכערט זיין שטיקל ציגאַר. זיינע פאַרקלאָסטעטע טראַכאָמע אייגעלעך האָבן זיך אָט פאַוואָליטשקע געעפנט, אָט — פאַר־מאַכט. א בלינדע אָסיענדיקע מוצאי־שבת נאַכט פון יענער זייט פענצטער, האָט אים געזען שטיל וויינען...

## קאַפּיטל ד

בשכנות מיט אָשרם שטיבל, גלייך ווי צונויפגעשטוקעוועט אין איין וואַנט, האָט ימים ושנים געוווינט א צווייט שטיבעלע. דאָרט האָט געוווינט אַן אלמנה מיט איר בן־יחידל אייזיקל. דאָס שטיבעלע האָט אויך בריה'ש געשיינט פון דרויסן און פון אינעווייניק. דאָס פרייע שטיקעלע פּלאַץ פון פאָרנט, איז געווען פאַרזייט זומערצייט מיט גרינינקע ציבעלקעלעך, קנָעבעלעך, ראש־חדש רעטעכלעך, גרינע אוגערקעלעך און פּאַטלאַזשאַ־נעס. ס'האָט קיינער ניט געוואַגט אַנצורירן עפּעס אין יענעם גערטנדל. מ'האָט מורא געהאַט. א קדחת ממש פלעגט אָנכאַפּן מיידלעך און יונגע ווייבלעך ווען זיי פלעגן פאַרבייגיין דאָס שטיבל אין די אויפדערנאַכטן. דאָרט האָט זעלטנווייז א קאַניצל געברענט. מענטשן האָבן שושקענדיק זיך, געטייטלט מיט די פינגער: — יענטעלע טוט כישוף אין די נעכט. א סברה, אז דורכן קוימענדל וואָס שטאַרצט ארויס פונעם פאַרשוואַרצטן

שינדלענעם דאַך „כאַפּט" זי זיך ארויס אין די נעכט. רייטנדיק אויף א בעזים, פאַרפליט זי אויף פּוסטע וועגן און שטעגן, ווייט, ווייט. און ווען נאָר דער האָן צעקרייט זיך, קומט זי צוריק דורכן קוימען מיט א שרעק־לעכן געלעכטער, און לייגט זיך שלאָפן. און טאקע זי איז עס אויך שול־דיק אין דעם וואָס די וואַסערן פון הערש־לייבס קרעניצע זיינען פלוצים ביטער געוואָרן, ווייל דאָרט טובלט זיך יעדע נאַכט. און טאַקע זי איז עס אויך שולדיק אין דעם וואָס יאָסל קאָראָטקים קי מעלקן זיך ניט, ווייל זי האָט זיך צעקריגט מיט אים און אָלם נקמה זיי געמאַכט יאַלעווע. גע־ווען איז יענטעלע א וואָראָזשקע. מיידלעך און ווייבלעך מיט „ביטערע" הערצער, פלעגן זיך אַריינכאַפּן צו איר אין א בייטאָג, כדי זי זאָל פאר זיי „וואָרפן" קאָרטן. יענטעלע מיטן צעקאָרבטן פּנים, און פאַרשפּיצטן נעזל, פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף א ווייכער קאַנאַפּע, פון א צירונג שקאַטולקעלע ארויסנעמען א פּעשטל קאָרטן, איבערטאַשן, געבן דעם מיידל צי דעם ווייבל א קאָרט און מיט א מויל, ווו פון פאָרנט האָבן זיך געטעלעבענדעט א פּאָר געלע פענעקעס, ערנסט וואָרענען:

— טוליע צו די קאָרט צו דיין הארץ, און טראַכט נאָר וועגן דעם, וואָס לאָזט דיך ניט רוען, סיי באַטאָג און סיי באַנאַכט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואָראָזשען:

— א בלאָנדער קאַוואַליער איילט זיך שטענדיק צו דיר. ער איילט, ער ווערט פאַרבערענט, סיי באַטאָג און סיי באַנאַכט. מען פאַרשטעלט אים אַבער דעם וועג. ווער? א מאַן מיט א שוואַרצער באָרד און וואָנציעס וואָס לאָזט ניט. אמת צי ניין?

צעזיפּצט זיך דאָס פאַרטראַכטע מיידל, שאָקלט פאַרחידושט מיטן קאָפּ: ווער זשע זאָל פאָרט זיין דער שוואַרצער מאַן? און גלייך ווי זיך דערמאָנט אין עפּעס, צעזיפּצט זי זיך: — אוי... כ'ווייס שוין... כ'ווייס שוין...

— כ'האָב דיר ניט געזאָגט באַרישניע? וועסט פון אים פּטור ווערן פון אָט דעם — זי ווייזט אָן אויפן שפּאַגעוואַטן „דרייצענער", — ער וועט פאַרלירן דער אַלטער דאַסער, ער איז קראַנק, קען קיין סך צייט ניט גע־דויערן. אזוי העלפט מיר דער זיסער גאָט.

זי פלעגט אויך איינרעדן מיידלעך און ווייבלעך, אַז אַ רייזע, אַ ווייטע, ווייטע רייזע, וועלן זיי מאַכן איבער גרויסע וואַסערן. צרות וועלן ניט פעלן, אַ סך וועט מען זיך אָנבידעווען די ערשטע צייט און פאַרשוואַרצט ווערן, דערנאָכדעם אָבער... וועט קומען מזל איינגעשפּאַנט אין קאַרעטעס, זיי וועלן עסן האָניק מיט פולן פּאָלאָניק און ס'וועט זיין גוט און נאָך בע־סער.

* *
*

דאָס בן־יחידל אייזיקל ,האָט נאָר איין אַרבעט געהאַט: טויבן. ר'האָט אליין אויסגעמייסטרעוועט אַ טויבנשלאַק, אים אָפּגעפאַרבט מיט בלויער אייל־פאַרב, און אַוועקגעשטעלט אויפן דאַך. גאַנצע טעג איז ער געזעסן באַהאַלטן אין גערטנדל און מיט הנאה צוגעקוקט ווי טויבן פּאָרן זיך, ווי זיי קאָקעטירן שפּאַצירנדיק, דרייענדיק זייערע העלדזעלעך, ווי זיי וואַ־רעמען אוים אייעלעך, ווי זיי פליען אַוועק מיט אַ פליגל־פּאַטשעריי, טובלען זיך אין בלויע האָריזאָנטן און ברענגען מיט זיך מיט אַנדערע טויבן. אַ שטענדיקע וואָרקעריי פון טויבן. קיינער האָט ניט געטאָרט זיך אָפּשטעלן צו באַוואונדערן די טויבן־מחנות ווייל אייזיקל פלעגט יענעם באַלד מכבד זיין מיט אַ שטיין. ס'האָט איינמאָל אַ קאָטער זיך באַהאַלטן, מיט געהויקער־טע פלייצעס געקוקט נייגעריק אויף אַ טייבעלע, דערנאָך מיטן בויך זיך אָנגעהויבן פּאַוואָליטשקע צו רוקן, פאַרזיכטיק צום טייבעלע. אייזיקל האָט אים דערטאַפּט ביים ווידל, מיט אים געדרייט ווי אַ גראַגער, אים געשלאָגן און דערנאָך אים אָנגעטאָן אַ זאַק איבערן קעפּל און פליוך אין דער נאָענטער קרעניצע אריין. פון דעמאָלט אָן האָבן מענטשן וועגן אים נביאות געזאָגט: דאָס וואַקסט אַ ווילדער מענטש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ טאָג האָט יענטעלע זיך צוגעלייגט און מער שוין ניט אויפגע־שטאַנען. און מענטשן שושקענדיק זיך האָבן אויסגעשפּיגן אַ פּאָר מאָל:

— איינגענומען אַ מיתה־משונה די כישופמאַכערין...

אייזיקל האָט אין יענעם טאָג געוואָיעט ווי אַן עלנטער פאַרלאָזטער הונט. אייניקע האָבן אים באַדויערט:

— נעבעך... אַן עלנטער יתום געבליבן.

— באַשריגענע יאָרן אויף אים. שוין 14 יאָר אַלט!

— פון וואָס זשע וועט ער לעבן אַט דער ווילדער מענטש?

מ׳האָט אים צוגערעדט ער זאָל גיין אַרבעטן אין דער גרויסער מיל. די גוטע זעלדע, טוענדיק א מצווה פלעגט טאָג טעגלעך ריין מאַכן זיין ירושה־שטיבל און אָשר פאַר א פעקל טאַטין, וואָס אייזיקל פלעגט אים שענקען יעדע וואָך, האָט אים אין בלויע קאַיאָרן געוועקט צו דער אַרבעט מיט א פאַרבענקטע סליחות־שטימע:

— איי אייזיקל שטיי אויף, דער מאָטאָר האָ־אָט געפּאַ־אַפּט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

חדשים און יאָרן זיינען אַוועק. אייזיקל איז אויסגעוואַקסן, זיך אויס־געלערנט לייענען און שרייבן. מיט באַמעליקטע אויערן און אויגן, געזונגען די מאַרסעליעזע, אפילו אָנטייל גענומען א שוויגנדיקער אין „זאַבאַסטאָוו־קעס״. נאָר ביי די רומענער האָט ער אָנגעהויבן אינגאַנצן צו שווייגן, מיט מורא אין די אויגן, איינגעהויקערט, איילט ער שנעל א היים פון דער אַר־בעט, גלייך ווי עמעץ וואָלט אים פאַרפאָלגט.

נאָר לעצטנס, זינט עס איז געשען דער „אומגליק״, האָט אָשר, מעשה געטרייער פריינט, מיט א גאָר מילדער שטימע אים געוועקט אין די קאַ־יאָרן: — אייזעניו, — און טאַקע נאָכאַמאָל אייזעניו, שטיי אויף זונעניו, דער מאָטאָר האָט געפּאַפּט!

אָשר איז מיטאַמאָל באַרעדעוודיקער געוואָרן, מיט אייזיקלען אָפּט זיך צעשמועסט וועגן חתונה־האָבן, וועגן א באַלעבאָס ווערן, וועגן... מלכה׳לען. נאָר אייזיקל שמייכלט שטענדיק מיט איין ענטפער:

— נו, אַוודאי רב אָשר, מלכה׳לע איז זייער א ווילע באַרעשניע, אַזאַ יאָר אויף מיר, זייער א ווילע, וווּ ניט... כ׳מיין... ווען....

אָשר האָט קיינמאָל אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן די לעצטע ווערטער, און אַלץ איינגעטענה׳ט:

— שטייט א שטוב אליין, א באַלעבאַטישקייט, און דו ביסט אזוי עלנט. פאַרשטיי אייזיקל ביסטעך א באַלעבאַטיש קינד, ס׳איז טאַקע שוין צייט א טראכט צו טאָן.

אייזיקל ווישט שטענדיק זיין פייכטע נאָז, רייבט זיינע באמעליקטע אויערן, מיט א ווייס באַמעליקטן אַרבל:

— זייער א ווילע באַרעשניע מלכה׳לע... ווען ניט...

באנאכט אויפן געלעגער האָט זעלדע געוויינט שטילערהייט: פּונקט דאָסזעלבע מזל וואָס מיר איז באַשערט געווען. גאָט ווייסט דעם אמת, אזוי ווי איינער וויל ניט שטאַרבן, אזוי האָב איך ניט געוואָלט דעם טראַכאָמן קאָטער. בין איך דאָך אָבער געווען אָן אָרעמע יתומה. און איצט וויל ער, אז מלכה׳לע זאָל זיך פארפינצטערן די יאָרן מיט אַזאַ ניאָריש, אַזאַ לאבאַ־דראָנעץ, וואָס האַלט זיך נאָר אין איין באַסמאַרקען... אָשר געלאַסן, געדול־דיק, האָט אָבער אַלץ געטענה׳ט, אַן איבערצייגטער: וואָס זאָל מען פּאַרט טאָן? און טאַקע גיט אריינטראכטנדיק זיך איז ער א שטילער יונגערמאַן, א געזינטער, אַן אַרבעטער, קאָן געבן א וואַב ברויט. מלכה׳לע וועט האָבן באַ אים די דעה...

— יאָ, אַזוי ווי איך באַ דיר — האָט זעלדע געוויינט.

* *

*

אָשר האָט קיין צייט ניט פאַרלוירן. אין אן אינדערפרי גייענדיק פון דאַווענען, האָט ער מיט מיין פאָטער זייער ערנסט איינגעטענהט. אָשר רעדנ־דיק האָט ווי איינגעקנעלט מיט זיינע פאררויכערטע פינגער, דערביי אַלע־מאָל א הייב געטאָן די געהויקערטע פּלייצעס. מיין פאָטערס רויט פּנים, אזוי ווי זיין כמעט סיווע באָרד האָט צוגעשאָקלט צופרידן. ביידע האָבן עפּעס געקייט, מסתמא א שטיקל לעקאַך פון א יאָרצייט, אָדער א בר־מצוה. כ׳האָב נאָר געהערט מיין פאָטער זאָגן: אָשר, ס׳אַ פּלאַן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרביי א פּאָר טעג. עטלעכע שכנים און סתם גוטע פריינט, פאַרפּוצ־טע אין שבתדיקע בגדים האָבן זיך א לאָז געטאָן דורך דער בלאָטיקער מאַרק־גאַס צו אבראַמאָוון, דעם מיל־אייגנטימער.

כיליקל קאַלעכניק האָט דערנאָך דערציילט ווי אזוי דער שטאָט-נגיד האָט זיי „פיין" אויפגענומען. זיין מאָגערער פּנימל האָט זיך רויט געפאַרבט דערביי, און די האַלדז-אָדערן האָבן זיך געבלאָזן:

— איזערזעך געזעסן, ס׳זאָל אים נאָגן, דער נגיד אַבראַמאָוו, אין קאַנטאָר ביים טיש, געראויכערט „ציגאַנקע", געבלאָזן דעם רויך פאַוואַ-ליטשקע און אַפילו ניט געבעטן קיינעם זיך אַוועקצוזעצן, נאָר געקוקט מיט זיינע גרויסע קעלבערנע אויגן און שווייגנדיק געוואַרט, ווי איינער זאָגט: אַדרבא, דערציילט...

— גאָספּאַדין אַבראַמאָוו, מיר זיינען געקומען צו אייך ווי צום שטאָט נגיד. איר פאַרשטייט הכנסת-כלה. מסתמא ווייסט איר פונעם אומגליק מיטן מיידל... מילא, פאַרפאַלן... דער אומגליק האָט אונדז אַלעמען געטראָפן. מיר מיינען, מיטן קאָמענדאַנט, ימח-שמו.

מיט אַבראַמאָוון האָט עס אַ וואָרף געטאָן ווי מיט אַן אָפּגעבריטן:

— האַקט ניט קיין ספּאָדיק מיטן קאָמענדאַנט. ר׳איז אַ פיינער מענטש. ער קומט צו מיר אַלע אויפדערנאַכט. מסתמא עפּעס אַ סאָלדאַט געווען... און אפשר ס׳מיידל אליין... עכוויים?...

— וואָס רעדט איר וואָס? ס׳טאַטש איר זאָלט אַזעלכעס אויסטראַכטן?

— כ׳בעט אַך דערמאָנט ניט דעם קאָמענדאַנט. וואָס ווילט איר, אַז ער זאָל צעשיסן דאָס שטעטל? איז אונדז דען חלילה שלעכט באַ אים? שלאָפט איר דען ניט רואיקער, ווי ביי די באָלשעוויקעס?

— באָלשעוויקעס, שמאָלשעוויקעס. דאָ האַנדלט זיך וועגן הכנסת-כלה. דער חתן הייסט אייזיקל. אַרבעט באַ אַך אין מיל שוין יאָרן. ערלעך, און מ׳דאַרף אים אונטערטראָגן אַ לעקעכל, מאַכן חשק חתונה צו האָבן. מיר דענקען וועגן אַ „נאַבאַווקעלע".

— וואָ-אָ-עס? אַ נאַבאַווקע דעם באָלשעוויק, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג מיט אַנדערע געוואָלט צונעמען ביי מיר די מיל?

דאָ האָט עליק גדליה׳ס, דער שניט-קרעמער אַ געשריי געטאָן:

— קומט, וואָס מיינט ער עפּעס, אַז מיר זיינען קליינע קינדער? אַ שיינער געוואָרן באַ זיך, אָנגעהויבן רעדן דאַטש. מישט אוים ווייצנמעל מיט

גערשטנמעלן! מעל שטייגט, האָ? ס׳שטעלט זעך אויף באַ אַך? און דאָס האָט איר שוין פֿאַרגעסן, ווען צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, האָט עס געציטערט ביי מיר אַף דער שוועל, בעטנדיק אַ הלוואה׳לע. די רומענער וועלן אַך נאָך אויכעט אין אַ שיינעם טאָג פּאַטשן! אַ דאגה! איר זענט דאָך אַ ייד...

און עליקל שניידער האָט אויסגעשריען:

— קומט! פּאַפּט אויף אים, זאָל ער ברענען מיטן געפּודערטן אינאיינעם און אַז גאָט וועט העלפֿן און ער וועט זיך „צוכאַפּן" צו זיין בתולה, וועלן מיר פֿאַר אירעטוועגן אויך אויסזוכן אַ חתן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן, אין אַ בייטאָג איז אַן עולם מענטשן זיך צוזאַמענגעקומען אין זאָל פֿון אונדזער שטוב, בתוכם אָשר, מעשה מחותן, אויבנאָן, מיט זיין שטיקל ציגאַר אין מויל. אייזיקל פֿאַרפּוצט אין אַ פּערו-סינענעם גאַרניטור ווייס געשטרייפּט, איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, גע-שאָקלט מיט זיינע לאַנגע הענט, אָדער געדרייט איין פֿינגער אין צווייטן, גלייך ווי ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

— וואָס שטייסטו עפּעס דאָרט כעני בפּסח — האָט מיין טאַטע זיך אָנגערופֿן צו אייזיקלען — זייַ אייזיקל, לעבן אָשרן.

דערנאָך האָבן אַלע געשוויגן, גלייך ווי ניט געוווּסט ווי אַזוי אַרום אָנ-צוהייבן. אַ שפּילעכל עפּעס, אַ שידוך! ממש קריעת ים-סוף! דאָ האָט פֿלר-צים שלמה באַקאַליניק זיך קלוג צעשמייכלט:

— זע נאָר, כ׳בעט דיך ווי מ׳האָט זיך פֿאַרטראַכט, וואָס זיצט איר אַזוי טראָווערדיק? לאָז מען גרייטן דעם טיש! ברענגט אַראָן הערינג, לע-קאָך, בראָנפֿן, אַ פּאָר שטאָפּן וואָן! — און אַ ווינק טוענדיק צו אייזיקלען — כ׳מיין דו ווייסט שוין ס׳איז פֿאַר דיר, צוליב מלכה׳לען...

— וואָ דען? — האָט אַ צווייטער אַריינגעשניטן, אַ קלאַפּ טוענדיק איי-זיקלען אין די פּלייצעס — באַשריגענע יאָרן אַף דיר, אַזאַ געזונטער וואַר-גילעץ, מעג שוין זאָן אַ טאַטע פֿון קינדער.

אייזיק יאָ צופֿרידן, ניט צופֿרידן האָט געקראַצט זיינע ברייטע פּליי-צעס אין דער וואַנט:

— אָבער... אָבער די באַרישניע...

— וואָס מיר אָבער, ווער אָבער? מירקע געב לשון! מ׳גיט דיר א מויד, א שטיק פּליוסטער, אַזאַ יאָר אויף מיר, א טייערע באַלעבאָסטע. און דאַנ־קען גאָט א באַלעבאַטישקייט האָסטו דאָך אויכעט...

אייזיקל האָט זיך אָנגעהויבן גווידערן, בשעת מעשה איינגעצויגן וואָס ענגער זיין העל־בלויען שניפּס:

— קאָניעטשנאָ, אָבער, כ׳האָב זעך נאָכניט אנגעקוקט מיט איר.

— א געלעכטער, כ׳לעבן! דו דאַרפסט זי אָנקוקן? אונטער איין דאַך געבוירן, קענסטו ניט מלכה׳לען? אַזאַ קראַסאַוויצע?

דאָ האָט אייזיקל אָנגעהויבן דעליבען מיט א פינגער אין א נאָז־לאָך, אַהין אריינגעשטופּט דעם פינגער וואָס טיפער:

— אָך מיין... קאָניעטשנאָ א „סווידאניע” מיט איר...

— וואָ־אָ־עס? זע נאָר ווי ער גאָנערט זיך, בוצים ר׳וויל ניט, ווי אַ קאָץ פּוטער.

אייזיקל האָט זיך צעלאַכט. קוקנדיק אויף זיין לאַכן איז מען גאָר צו־פרידן געוואָרן. מיין פאָטער האָט באַלד אויסגערופן:

— אַן ענדע... אייזיקל, אָשר, זאָל זאַן מיט גליק!

אנדערע האָבן אונטערגעכאַפּט:

— מיר זאָלן האָבן פון אָך נחת!

— אָמן, אָמן.

— עכל געבן דעם חתן א בלאָוון שעוויאָטענעם קאָסטיום מיט א שוואַרצן סערדעט פון בעסטן שטאָף.

— עך, — א זילבערנעם זייגער מיט א שיינער קייט און דער כלה — אונטערוועש.

— עך — א גוטן אָנטל מיט וואַן.

— עך — א פעסל הערינג, מיט אַלעם נויטיקן צו דער חתונה.

— לחיים אָשר! לחיים אייזיקל! לחיים יידן! זאָל גאָט העלפן שמחות ביי יידן.

— לחיים! פּרנסה און א גוטע ישועה! ווייל צרות פעלן ניט.

— אָ־אָ־אָמן! אוי ווי איז מיר, היום תאַמצנו, אָ־אָ־אָמן היום תגדלני...

פון די פּאָר גלעזער וויין, האָט אייזיקל געפלאַמט. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט א העלער פרייד. ר׳האָט א קלאַפּ געטאָן אין טיש, אַזש די פלעשער און גלעזער האָבן זיך צעקלונגען:

— יידן, טייערע יידן, אַך בין צעפרידן! אַך בין שטאַרק צעפרידן!...

* *

*

אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. פון א נאָענטן בוי־דעם האָט א האָן אויסגעקרייט א זייער אומעטיקן טאָג, מיט א דריבנעם זופנדיקן רעגנדל, מיט טאָג־טעגלעכע דאגות, וואָס יוירן ווי א ראָשטשינע פון מינוט צו מינוט. דער עולם האָט דורך דער הינטערשטער טיר אָנגע־הויבן ארויסגיין א ביסל בגילופנדיק, מיטטראָגנדיק רעשטלעך שמחה צו זייערע היימען .אין בראָדער שול האָט א ליכטל געל־בלוי געפלעמלט. א פרומער ייד, האָט דאָרט עצבותדיק אויסגעזונגען א קאַפּיטל תהלים. דאָס זינגען האָט ווי אן ערב־פרילינג־ריטשקעלע, בנעימות׳דיק געפלאָסן איבער דער נאָך שלאָפנדיקער גאָס: „כי יודע ה׳ דרך צדיקים, ודרך רשעים ת־א־ב־ד . . .

## קאַפּיטל ה

אלי, אלי! ס׳איז מיר אזוי סקוטשנע, ס׳איז אונדז אזוי אומעטיק! מיינע קליינשטעטלדיקע יינגלשע עלף יאָר, אונדזער קינדערישע פרייד, ראַנגלט זיך צווישן די דלד אמות פון שטוב, ווי א פייגעלע אין א שטייגל. אין די טעג זיץ איך ביים אָסיענדיקן פאַרוויינטן פענצטער און קוק אויפן דרויסן. די גרויסע בלאָטע איז שוין געפרוירן, פאַרהאַרטעוועט; דינע שנייעלעך

זואַלסירן,— דאָס האָבן זיי אַהערצו געבראַכט דעם שניי: די שוואַרצע וואָ־ראָנעס און סאָראָקעס, וואָס טאַנצן קראַקעדיקע אויף בערגלדיקע הרודעס, פּיקן מיט זייערע שנאָבלען, נישטערן אָן אויפהער; די מאַרק־גאָס פּוסטע־וועט, זעט אויס ווי אַן אָבל וואָס זיצט שבעה נאָך אַמאָליקע זונטיקן און דאָנערשטיקן צעיריד'עוועטע. אונדזער מאַרק גאָס בענקט נאָך אָנגע־פּילטע פורגאָנעס מיט דיזשקעס קעז און ברינזע, נאָכן ריח פון געדיכט־באַקליידטע הויפטן קרויט, נאָך קראַנצן ציבעלעס און קנאָבל. די מאַרק־גאָס בענקט נאָכן געזאַנג פון פעטע הינער, קאַטשקעס און גענדז און אָנ־געבלאָזטע האָלדערן פון אינדיקעס. דוכט זיך ערשט נעכטן איז עס גע־שען: און די מאַרק־גאָס איז אויפגעוועקט געוואָרן אין קאַיאָרן דורכן גע־שריי פון ווייסע קאַלעכניקעס און זייערע ווייבער. זיי קריגן זיך שטענדיק איבער קאָנקורענץ, דערביי זיינען זייערע פּנימער באַמאָלט מיט פלעקן פון פאַרשידנפאַרביקע טינטן. ביי אָנגעפּילטע וועגענער מיט קאַלך, באַ־נאַכט אָנגעקומענע פון וואָפּניאַרקע, זיצן רואיק די גויים, רויכערן פּעטרו־כע, קוקן אויף די יידן, זאַפּן איין אין זיך זייערע קוויטשיקע קעלעכלעך, זייער יידיש רעדן, לחלוטין אומפאַרשטענדלעך פאַר זיי, בלאָזן מיט רויך און שפּריצן מיט ווייטע שפּייען. אויף די שוועלן פון זייערע קלייטן מיט שיטערע ראַפּטן סחורות, שטייען קרעמער מיט א חשק צום גענעצן. מען קוקט אויף דעם גרויען הימל, אויף בלינדע האָריזאָנטן ווייט אויפן אָקני־צער באַרג, און מ'רייבט זיך די הענט פאַר קעלט. איך זע די צוויי ברידער ביסטריצקי, די קליינוווקסיקע שניטקרעמער, מיט קורץ געשוירענע בלאָנדע בערדלעך. זינט זייער פאָטער איז געשטאָרבן, איז מען ברוגז: ירושה, צוויי קלייטן הינטער איין דאַך, פּרנסה, קאָנקורענץ. איצט איז מען ווידער ברידעריש חבר. מ'שושקעט זיך מיט ערנסטע פּנימער. זיי פאַרטראַכטן זיך ביידע. פאַרבענקטע דערמאָנט מען זיך: אי, אי געווען צייטן און עס פלעגט אָנקומען אַמאָל אין א פּשוטן מיטוואָך, א פריציש בריטשקעלע מיט א פּאָר פריצישע פערד, — א פּריץ, צי א גלח. פלעגט מען זיי אָפּוואַרטן אויף דער טיר. אויפנעמען ברייט ברוך־הבא'דיק: אָך פּאַ־ניע. פּאַני! אָדער, אָך, באַטיושקאָ! זייער אַלטער פאָטער פלעגט באַלד אויס־רופן נגידיש צו זיין ברייגען אויף רוסיש: ברײנגע פאַרן פּריץ, צי פאַרן באַטיושקאָ, ברענג אַראָן אייערקיכלעך, טיי מיט מאַלינעס, איינגעמאַכץ! אין דער זייט האָבן משרתים דערווייל אָנגעהויבן פאַרשיטן דעם „טישגע" מיט טייערע געוועבן, געוואַנטן, מאַראָזאָוס מאַדאַפּאָלאַנען אויף הינטער־

וועש. ס'האָבן ממש געשײַנט די אײדל-אויסגעאַרבעטע זעפּירן. הענט, גוט אויסגעצויגענע האָבן געטאַנצט מיט אַרשינען אין דער לופטן, זיך גע־דרייט ווי אין אַ קאַדריל, שערלעך האָבן געסווישטשעט זיך אײַנשנײַדנ־דיק אין סחורות. אָבער איצט ווי אַזוי קען קומען אַ פּריץ קויפן סחורה? אַ גוט שטיקל „צײַג", אַפילו אויף קיין רפואה ניטאָ. ווען דער רוסישער איז אַוועק, איז צווערשט נאָך דער „סוואָבאָדע" געקומען עסטרײַך קירעווײדל, גלײַך ווי אַ הײשעריק האָט ער אויפגעגעסן דעם ווײַץ, דעם קאָרן, די גוטע סחורות, און טאַקע געצאָלט נגידיש מיט גאַנצע פּודן קראָנען. אויך שניט־סחורה פאַרקויפט. סחורה? פּאַפּיר, ממש פּאַפּיר. איצט טאָמער קומט אַן „איוואַנקע" צוגײן עפּעס צו קויפן, ווײַזט מען אים דאָס „צײַג". ער אײַלט זיך ניט, רײַסט אַרויס אַ פאָדים, צעדרויבלט, צעדרײט אים, באַנעצט אים מיט אַ געדיכטן שפּײַ, און צעלאַכט זיך

— פּאַני קופּטשי יעי באָהו, טאָזש צע פּאַפּער.

בײזערט מען זיך אויף אים:

— מוזשיצקאַ האַלאָוואַ, טאָזש צע אַוסטרײַסקי טאָוואַר.

דער גוי אָבער לאַכט. ער הייבט אָן דערציילן אַ מעשה וועגן זײַנעם אַ שכן וואָס האָט אַזאַ גאַרניטור געקויפט און געגאַנגען טאַנצן אויף אַ חתונה. דערווײַל האָט אָנגעהויבן רעגענען, האָבן זיך די מײטקעס אויף אים צע־ווייקט און זיך צעריסן. אַ גליק נאָך וואָס הינטער די מײטקעס זײַנען געווען גאַטקעס. אַ גליק...

און איצט? פון גאַרניט טאָן, פאַרשאַפן זיך משרתים אַ ליידיק פּושקע־לע, פּילן עס אָן מיט פערדישער באַליגע און ציגענע ביבקעס, פאַרפּאַקן עס אין אַ שײן ראָזעווע פּאַפּירל, פּונקט ווי אַ פאַרפּאַקט פּעקל קאָסמעטיק פון דער אַפּטייק, לײגן אַוועק דאָס פּעקעלע אויפן טראָטואַר און באַהאַלטן אונ־טער די לאָדן, קוקט מען נײַגעריק אין דערוואַרטונג אויף עמעצן אַ פאַר־בײגײער, וואָס זאָל עס אויפהויבן.

עס באַווײַזט זיך אַמאָל אַ גוי'ע פון אַ נאָענטן דאָרף. זי ברענגט אין אַ טאָרבעלע אַ טוץ אייער, און אונטערן אָרעם — אַ הינדל. זי שפּאַנט פאַרזיכטיק, געלאַסן, קוקט אַ דערשראָקענע אויף דער פּוסטער מאַרק-גאַס. אַ ייִדענע שטעלט זי אָפּ. נעמט בײַ איר פון דער האַנט דאָס הינדל, וועגט

עס מביניש מיטביידע הענט, מיט צונויפגעשרויפטע ליפּן צעבלאָזט זי די פּעדערלעך פון דעם הינדלס הינטערחלק און צעקנייטשט איר פּנים מיט א זויערע מינע: „אַ סקילקי כאָטשעטע?״ די גוי׳ע זאָגט איר פּרייז. אָבער קיין ענטפער באַקומט זי ניט. שפּעטערצו זעט מען זי מיט איר מציאה׳לע הינ־טערן אָרעם שפּאַנען צום נאָענטן דאָרף. זי מורמלט עפּעס מיט די ליפּן, זי איז בייז און שילט.

און ביי אונדז אין שטוב? מיין פּאָטער פון גאָרניט טאָן, זאָגט תהלים און קוקט אויף די ליידיקע ראָפּטן, ער טראַכט וועגן בעסערע צייטן און וועגן גוטע שידוכים פאַר מיינע שוועסטער.

טאַקע אנומלטן איז צו אונדז אריינגעפּאַלן צוזאַמען מיט עטלעכע שנייעלעך דער קליין־וווקסיקער בערישל שדכן. ביי דער טיר האָט ער פּאַ־וואַליענקע אויסגעטאָן זיינע דרייפּערטלדיקע קאַלאָשן און זיך אוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע. זיינע צוויי דאַרע פינגערלעך האָבן געשטופּט אין די באַהאָריקטע נאָזלעכער א ביסל טאַבאַק. ר׳האָט דערביי ממזריש שמייכלענ־דיק געשוויגן. (טאַקע צו וואָס רעדן?). מיין פּאָטערס פּנים האָט באַהאַלטן אויף א ווייל די נייגעריקייט און גלייכגילטיק, ווי יוצא צו זיין א פרעג גע־טאָן:

— עפּעס נייעס בערישל?

בערישל האָט גוט אויסגעשנייצט די נאָז אין א גרויסער ווייסער פּאַ־טשיילע, א נשאר פון יענע גוטע צייטן, ווען ער דער „גרויסער״ שדכן, האָט שידוכים געשלאָסן אַזש מיט קישינעוו און אָדעס:

— א וווילער בחור ר׳ פּסח.

— אַדרבא וועלן מיר הערן.

— אַזעלכעס טרעפט זיך פּעם אחת ביובל. שטיל, לייטיש, באַלעבאַ־טיש, פיין. אַן „אָפּגעשטעלטער״.

מיין טאַטנס באַהאַלטענע נייגעריקייט אַנטפּלעקט זיך. מיטאַמאָל צי־שען זיינע צעשמייכלטע אויגן, די הענט הייבן אָן רייבן איינע די צווייטע, די אַקסלען הויבן זיך העכער פון זיין וואַטאָוון לייבל:

— איז ווערזשע איז דער אוצר?

— כ׳מיין איר קענט אים. פנחסל קירזשנערס ייִנגל.

— פנחסל- — זייער א באַלעבאַטישער ייִד! הייסט עס זיין פרויקע, וואָס איז געקומען פון פּליען?

— אָט אָט-טאָ, פרויקעלע טאַקע. אוודאי איז ער אָרעם. אָבער א גר־טער בעל-מלאכה, א סוחר, א גרויסער מבין אויף שמוישן. ער דאַרף א „פּאַדערזשקע״... און פּלוצים פון הינטערן אויוון אין קיך, ווו מיינע צוויי שוועסטער האָבן זיך געשושקעט, האָט א געלעכטער זיך אויפגעריסן. דער געלעכטער האָט פאַרשטאָפּט די זיך שיטנדיקע ווערטער פון בערישלס מויל: ר׳איז געבליבן מבולבלדיק זיצן, מיט א פּאָר פאַרחתמעטע ליפּן, גלייך ווי שוין געוואָרט אויף מיין טאַטנס ווערטער.

— נו, יאָ ר׳ בערישל, מ׳דאַרף זיך אריינטראַכטן אביסל.

— קאָניעטשנאָ.

מיינע שוועסטער שווייגן. די עלטערע טראָגט שוין לאַנג מיט זיך א סוד. זי זינגט אים אָפּט אוים אזוי האַרציק פאַרבענקט. אירע שוואַרצע אויגן חלומען דעמאָלט, מסתמא מיט יענעם יעדעניצער בחור, וואָס האָט זיך מיט איר באַקאַנט אויף א חתונה און געטאַנצט מיט איר וואַלסן די גאַנצע צייט.

גאָט איז אונדזער עדות
אז מיר האָבן זיך באמת ליב
מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט צעשיידן
ביזן פינצטערן גרוב.

און הערנדיק איר זינגען צעוויינט זיך עפּעס אין מיר, כאָטש איך פאַר־שטיי נאָך נישט וואָס הייסט אמת ליב. און פאַרוואָס עפּעס זיך צעשיידן?

אויפן קיך-טיש ציטערט אין א שיסל א וואַרעמע איי-געלע מאַמעליגע, לעבן א טעלער מיט אָנגעריבענעם רעטעך און האַרבע בלויע ציבעלעס, וואָס וועקן אויף טרערן אין די אויגן. מיין קליין שוועסטערל, צעוויינט זיך סתם אזוי אָן א פאַרוואָס זייער, זייער אָפּט. מיין פאָטער וואָרטשעט א ביסל בייזלעך: „עפּעס א פאַרוויינטע נשמה אָט די קליינע, נאָר זי וואָיעט און וואָיעט. כלי-זמר פעלן איר הפנים״. און מיר בענקט זיך נאָך דער וועס־

נע. דאָס האַרץ קרעכצט, אַזויווי ס'קרעכצט עלנט דער קאַרליק ביי דער קערניצע פון ווינטן געהוידלט הין און צוריק. פאַרגנבע איך זיך שטיל אין דרויסן ארויס און שפּרינג אריבער דעם פּלויט און לויף אין דער שול־גאָס אריין, — דאָרט אין א שטיבל ווו ס'וויינט עליקל שניידער. אפשר צוליב זיינע שיין געזונגענע לידער, אפשר צוליב זיין ניין־יעריק רחל'ע וואָס איז פון הונגער און קעלט בלאָס געוואָרן.

עליקל האָט געקעמפט אין דער מלחמה קעגן דייטש. די רעוואָלוציע האָט אים צוריקגעבראַכט א היים מיט א קאַקענעם אָנצוג, א סאָלדאַטסקע היטל מיט א גרינעם לאַקירענעם דאַשעק, מיט וועלכן ער וויל זיך ניט שיידן. אפשר דערמאָנען אים די בגדים אין יענע רעוואָלוציע־טעג, ווען ער אַלס „געליטענער" איז אויסגעווײלט געוואָרן פאַרן אָנפירער פון די קליין־שטעטלדיקע אַרבעטער? — אין יענע ליכטיקע טעג, האָט עליקל טאָג און נאַכט געזונגען די מאַרסעליעזע. מיר יינגלעך פלעגן זיך צונויפזאַמלען פאַר זיין טיר, זיך אויסשטעלן שערענגעסווייז און ווי סאָלדאַטן דערוואַרטן זיין באַפעל. א ווונק נאָר פון זיינע גוטמוטיקע לעבנספולע אויגן, און באַלד האָבן מיר אלע ווי איינער, זינגענדיק ארויסגעשאָסן: אַטרעטשאַמסיאַ אָט סטאַראַוואָ מיראַ! און ווען מיר האָבן דאָס פרייהייט־ליד פאַרענדיקט האָט עליקל אויסגעשריען:

—דאַ זדראַווסטווויעט סלאַבאָדאַ!

* *

*

איצט, אין די טונקעלע טבת־טעג, שטייט עליקלס ניי־מאַשין ווי א בר־מינן פאַרדעקט מיט א שוואַרצן צודעק. אוים ירידים! ס'קומען מער ניט די גויים מיט פעק אַרבעט. עליקל מרה־שחורה'וועט. צומאָל פאַרגעסט ער זיך, דעקט אויף דעם מאַשין, נעמט פאַרריכטן זיינע צעריסענע הויזן, אָדער דרייט איבער דעם קאָלנער פון זיין זשאַקעטל. ער קוקט אויף זיין פאַר־כליאָנעטער רחלען. זי איז בלאָס, דאָס קינד, ווי אַן איצטיק קאַיאַריקער האָריזאָנט. ער שעמט זיך צו קוקן זיין אסתרן אין די אויגן אריין. זי וויינט שטענדיק, ווישט די נאָז מיטן פאַרטוך, אירע אויגן זיינען רויט. עליקל דרייט זיך אוים צו מיר:

— נו, טאַוואַרישטש, וואָלסט איצט געגעסן א גוט ראָסעלע? צי א ביסעלע גענדזענע גריוון? מעג זיין פון א קאַטשקעלע אויכעט...

— פאַרוואָס ניט עליקל?

— ווי מיינסטו רחלע — כאַפּט ער זי ארום און טוליעט זי צו זיך, דער־ביי שלינגט ער אויכעט די סלינע — א ביסעלע געהאַקטע לעבער מיט ציבעלעס מיט הינערשן שמאַלץ באַשמאָלצן, און א רעטעכל דערצו?

רחל'עס בלאַס פּנימל באַנעצט זיך מיט טרערן.

— ווייַן ניט קעצעלע, אינגיכן וועלן מיר אַלץ האָבן — און ווידער־אַמאָל צו מיר — וואָס קאָכט מען עפּעס גיטס באַ אַך, האַנט?

— א רויטן באָרשט מיט א מאַרכביין.

— א זיסן?

— א זאָווערן.

— מיט ברויט?

— ניין, מיט פרישן מאַלאַי.

— האַ? מאַלאַי מיט א ביסל באָרשט — שמאַטשקעט ער מיט די ליפּן — זייער גוט, זייער גוט.

און איך שווער ביי זיך: שפּעטערצו וועל איך פאַרגנבעט, פאָרזיכ־טיק, ברענגען אַהערצו פון מיין היים א שטיקל מאַלאַי, פאַר אים, פאַר אסתרן, פאַר רחל'ען. און טאַקע א טעלערל באָרשט אויכעט. פאַרוואָס ניט?

## קאַפּיטל ז

נישטאָ קיין גאָט אויסער גאָט, און חיים איצע איז דער בעסטער שוסטער פון שטעטל! ער אַרבעט נאָר מיט כראָם־לעדער, שעוורא און לאַקיר, ס'בעסטע שטיקל לעדער! יעכט — דאָס ניט: יעכטאָווע שטיוול און קאָמאַשן איז פאַר פאַרטאַטשעס, שקראָבניקעס וואָס נייען צו לאַטקע־

לעך, פֿאַרריכטן פֿאַדעשוועס מיט „רובטשיקלעך״ און זייערע קונים זיינען נאָר גויים און קבצנים. די אויגן פֿון די „שענסטע״ באַלעבאַטים פֿון שטאָט, אַפֿילו פֿון פּריצים, זיינען געווענדעט צו זיין הויז אין יאַטקע-גאַס, קעגן-איבער דער באָד. דאָס איז אַ רויט ציגלנע הויז פּונקט אַזוי ווי דער וואָק-זאַל לעבן שטעטל. פֿאָרנט הנדלט זיך אַ פּריציש בלומען-גערטנדל, ארום-גערינגלט מיט אייזערנע שטאַכעטן, אפילו אַ הילצערנע באַנק איז דאָ אוועקצוזעצן זיך אונטערן ברייטן אַקאַציע-בוים. אויף אַ דרענגל צוגע-קלאַפּט צו שטאַכעטן הענגט אַ גרויסע שילד. אויף איר זיינען אויסגע-מאָלן: אַ גרויסער מענער-שוך, אַ קאַמאַש מיט רעזינע אויף ביידע זייטן, אַ פּאָר מייזל-אויערן פֿון ביידע זייטן. די נאָז פֿונעם קאַמאַש איז קורנאָסע, ווי אַ יונג אוגערקעלע. אויך אַן עלעגאַנטע „דאַמסקע טופֿלע״, געשנורע-וועט, מיט הויכע אָפּצאַסן, און אַ פּאָר שטיוול מיט שפּאָרן פֿאַר פּריצים. און געשריבן שטייט דאָרטן מיט גרויסע קידוש-לבנה׳דיקע אותיות: אָדעסקי סאַפּאָזשניק.

חיים איצע אליין: הויך, אַ דיקער אַוועקשטאַרנדיקער בויך, לאַנגע הענט מיט ברייטע דלאָניעס, וואָס זיינען שטענדיק אָנגעזאַפּט מיט זויערן פֿאַדעשווע-ריח, אַ קיילעכדיק, פֿעטן-פּנים, מיט כיטרע שוואַרצע אויגן וואָס שווימען אין אַ ים מיט שמאַלץ. דאָס פֿעטע פּנים, דאָס מויל וואָס פֿרייכט שטענדיק, ווינקט: אַלץ עס איך, אַבי נאָר גוטס, — אַ גוט ביסל בראָנפֿן, אַ גוט ביסל וויין, אַ גוט שטיקל פֿיש, אַ גוט שטיקל פּאָסטראָמע. שכנים שוסטערס, קוקן מיט סקאָסנע אויגן אויף אים, ווי אויף אַ ניט זיי-עריקן, אַ פּראָסטאַק, אַ גאַדלעניוק, וואָס לאַכט אויס אַ נאַש-בראַט. און הנדל׳ט זיך נאָר צו גבירים, צו פּריצים. און אַז מ׳איז אַ „פּערוויקלאַסני״ שוסטער, איז מען דען קיין שוסטער ניט? סתם-יידן וואָס זוכן ניט אויסצו-נוצן „זכות-אָבות״ צוליב אַ פּאָר גוט אויסגעאַרבעטע שיך, און ניט חיים-אי-צע זוכט זיי פּאָר קונים, באַגריסן אים פֿאָנפֿעוואַטע הינטער דער נאָז: „אַ גוט-מאָרגן...״ נגידים, נגידישע קינדער, גימנאַזיסטן מיט בלישטשענדיקע קנעפּלעך, אַפֿילו פּריצים, שמייכלען צו: „זדראַסטוואַיטע גאָספּאָדין סאַ-פּאָזשניק״. און חיים איצע איז צופֿרידן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער מיט די רומענער איז חיים איצע ברוגז. ער וויל מיט זיי ניט רעדן, ניט ער וויל זיי זאָלן מיט אים רעדן. אַזאַ פֿאָדאָפּאָלנאָסטע! פֿאַרן ליי-

זיקן ציגיינערישן סאָלדאַט, אַראָפּצונעמען דאָס היטל, אָפּטרעטן דעם וועג פאַר אים! גוטע פריינט האָבן אים געוואָרנט: „חיים איצע, היט דיר די בײַ־נער". ער צעלאַכט זיך אָבער און טראַכט: מסתּמא וועט דער „געפּודער־טער" אים שיקן רופן, אזוי ווי עס טוען אַלע פּריצים. ער וועט פאַר אים מאַכן א פּאָר שטיוול, ליאַלקעס. דערנאָך וועט מען זיך קלאַפּן אין די פּליי־צעס גוט-ברודעריש, אזוי ווי מיט אַלע פּריצים. אין א פרימאָרגן האָט דער הויכער אונטערגעריסענער זשאַנדאַר וואָס שלעפּט קוים זיינע פיס, א פּאָר שפּענער און די לאַנגע ביקס בויגט אים אַזש צו דער ערד, זיך אָוועקגע־שטעלט פאַר חיים איציקס הויז און אויסגעשריען:

— ריין מאַכן דעם טראָטואַר!

חיים איצע שמייכלט צו אים, שטופּט ארויס זיין בויך:

— ס'איז דאָך א לויזע בלאָטע דאָמנולע.

— ריין מאַכן! — שרייט דער זשאַנדאַר — עמויץ דומנעזעאו אַ מאַטי!

— אָבער ס'איז דאָך א בלאָטע, און עס שנייט!

פינף לאַנגע פינגער האָבן מיט א צעהילכטן פּאַטש איבער חיים איצעס פּעטן פּנים אויסגעריסעוועט פינף רויטע צייכנס. חיים איצעס פּנים האָט זיך פאַר כעס צעפלאַמט: „וואָס הייסט ער שלאָגט? אים? האַ?" ברייטע דלאָניעס האָבן אריינגעכאַפּט דעם זשאַנדאַרס פּנים, מיט אים געדרייט ווי א פּאָדעשווע ערב דעם איינווייקן אין וואַסער און לסוף אים אריינגעוואָרפן אין דער בלאָטע. דער זשאַנדאַר איז געווען איינגעטונקען אין בלאָטע, און זיינע אויגן — אין רציחה. ער האָט א כאַפּ געטאָן די ביקס פון אַקסל, אויס־געשאָסן אין דער לופטן און שטעכנדיק חיים איצען מיטן באַגנעט אים אונ־טערגעאיילט:

— קום זשידאַן, קום באָלשעוויק. כ'על דיר ווייזן דו קורווישער זון, שנעלער! שנעלער!

און חיים איצעס פּנים איז געוואָרן קאַלך-ווייס. דער שטעכיקער באַג־נעט אין הינטן, האָט אים געמאַכט אונטערשפּרינגען. ס'האָט ניט געהאָלפן זיין סערלם אויסבעטן ביים זשאַנדאַר א ביסעלע רחמים. איר פּנים איז גע־ווען קרענקלעך צעקנייטשט, אירע אויגן האָבן געטרערט:

— דאַמנולע טייערער... ניטע... ניטע...

פונוויטנס האָט א קצב אין א פאַרבלוטיקטן פאַרטוך געשריען:

— צעלאָז די קאַלטע פיס חיים איצע, צי אָפּ דו שטינקער!

א צווייטער האָט געוואָרנט:

— ניטע! ער וועט שיסן. שפּיל זיך ניט מיט דעם אונטערגעריסענעם. פּרוּוו אפשר עפּעס אין דער יד אריין, שמיר אים אונטער!

עס האָט ניט געהאָלפן. חיים איצע איז געגאַנגען...

* *
*

אין יענעם זאַוויערוכעדיקן פאַרנאַכט האָט ראובן דער קורצזיכטיקער אויסשרייער, וואָס קוקט שטענדיק אראָפּ מאַמעטליִהוּע צו דער ערד גלייך ווי ער זוכט עפּעס, האַלטנדיק אין איין האַנט א קויש אייער-בייגל און אין דער צווייטער — א קעסעלע מיט קוואַסניצעס, אויסגעשריען. דער אויסגעשריי זיינער, א סליחותדיק-פאַרבענקטער, און אויסגעצויגענער, האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל: „יידישע קינדערלעך מע-מי-ידי-עם הקאָמאַנדאַנט, מוזן אלע זיך צונויפקומען אויפן פלאַץ ביים קלויסטער!

— און טאָמער ניט ראובן?

— גייט פרעגט אים, איר זענט מיט אים ברוגז? איי אייעריקע בייגל, איי פרישע ווייכע קוואַסניצעס!

אויפן ברייטן פלאַץ, פארן ווייס-געקאַלכטן קלויסטער זיינען יידן זיך צונויפגעקומען, באַטולופּטע, באַקוטשמעטע, מיט געשטעמפּלטן ווּנדער אויף די פּנימער:

— צוליב וואָס עפּעס אין אַזאַ זאַווערוכע צונויפטרייבן אַהער א גאַנץ שטעטל?

— אפשר וויל ער רעדן פארן עולם.

— מ'זאָגט יאַקבי ס'איז אראָפּגעקומען א גרויסער יעדנעראַל, וואָס וויל זיך באַקענען מיטן שטעטל.

באַלד איז אויף זיין גוט אויסגעבאַרשטן פערד, אָנגעקומען דער געפּו־דערטער קאָמענדאַנט. נאָך אים א מחנה קאַוואַלעריסטן. זיי האָבן ארומגע־רינגלט דעם עולם מיט אָנגעצילטע מאַשינגעווער. דער קאָמענדאַנט האָט געערדט פאַמעלעך, סאַמעט ווייך, גיפטיק שמייכלענדיק:

— מיר גרויסרומענער זיינען ניט איינגעלאַדן געוואָרן קיין בעסאַראַ־ביע. ס׳איז אונדזער ערד. וויסן זאָלט איר אַז אָרדענונג און דיסציפּלין מוזן פאַרנעמען דאָס ערשטע פּלאַץ דאָ. א רומענישן סאָלדאַטס לעבן איז ניט הפקר. שטרענג באַשטראָפט ווערן וועט דער וואָס וועט אויפהייבן א האַנט קעגן איינעם פון זיי, איר פאַרשטייט?

— מיר פאַרשטייען!

— היינט איז געשען אַזאַ פאַרברעכן. א זשידאַן האָט געוואָלט טייטן א רומענישן זשאַנדאַר און דערדאָזיקער וועט באַשראָפט ווערן פאַר אייערע אויגן...

פון א זייטיק געסל איז אָנגעפאָרן א פור. צוויי סאָלדאַטן פון פאָרנט, צוויי — פון הינטן און אינמיטן — חיים איצע. מ׳האָט אים א געבונדענעם געשלעפּט ווי א שווערן זאַק מיט משא. זיינע קליידער זיינען געווען איינ־געטונקען אין היי און שטרוי. ביי אים זיינען די אויגן געווען אונטערגע־ביילט, זיינע צעריטשעטע באַקן זיינען געווען אויסגעשמירט מיט בלוט־פלעקן. עס האָט אין דער דערשטיקטער שטילקייט פּלוצים זיך דערהערט א הילפלאָזן געוויין. ס׳איז געווען די נעבעכדיק־מאָגערע סערל, וואָס ליידט אויפן האַרץ:

— חיים איצע! חיים איצע, ווי צו מיינע יאָרן. — זי האָט זיך מיט אַלע כחות דורכגעשטופּט דורך דעם ענג געפּאַקטן עולם, געלאָפן צום קאָ־מענדאַנט און באַלד קניענדיק פאַר אים געיאָמערט: — דאָמנולע קאָמענ־דאַנט, רחמנות אויף א קראַנקער פרוי, רחמנות!...

דאָס געוויין איז באַלד דערשטיקט געוואָרן. א פּאָר „גראַניטשערן" האָבן זי גלייך אָנגעכאַפּט, ארונטערגעדרייט אירע מאָגערע הענט און גע־שלעפּט זי א פאַרחלשטע אויף צוריק. א באַראַבאַן האָט זיך צעפּויקט. ווי אַן אָקס האָט מען דעם פעטן חיים איצען אַוועקגעלייגט אויף א ברייטער

באַנק. א פּאָר סאָלדאַטן האָבן זיך געפּאָרעט ביי זיינע הויזן, זיי אויפגע־קנעפּלט און אַראָפּגעצויגן ביז צו די קני. לעבן אים איז אויסגעוואַקסן א הויכער, קרעפּטיקער סאָלדאַט, גלייכגילטיק געבליבן שטיין מיט א נאַהיי־קע אין האַנט, דערוואַרטנדיק דעם באַפעל. און ס'האָט דער עולם יידן אויפ־געציטערט ווען דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעשריען:

— דאָווזעטשע טשינטש! (פינף און צוואַנציק), איינס!

א פעסטער לעדערנער שמיץ איז ווי אריינגעקלעפּט געוואָרן אין פלייש אריין, און א רויטער פּאַס ווי א סטעזשקע איז אויסגעשניטן געוואָרן אין לייב. דאָס דיקע פלייש האָט אויפגעציטערט ווי א כאַלאָדעץ. חיים אי־צעס ברייט צעעפנט מויל האָט דערביי געגרעוועט: א־איי! סמ...מ..!

— צוויי! דריי! פיר!...

דאָס שרייען ווערט יעדעס מאָל שוואַכער, שטילער, און פּלוצים שאַ, שטיל. זיינע הענט צעשפּרייט אַזוי ווי פליגל פון אן אונטערגעשאָסענעם פויגל, זיין פּנים איינגעגראָבן אין דער באַנק, גלייך ווי ר'וואָלט זיך געבעטן: לאָזט מיך, כ'וויל א ביסעלע דרעמלען...

לעבן חיים איצען זיינען דערנאָך געשטאַנען יידן, געריבן מיט שניי זיין פאַרחלשטן פּנים. ער האָט אַלעמאָל אויפגעפינטלט מיט די אויגן און ווי־דער זיי צוגעשלאָסן. יידן האָבן אים געטאָרעט:

— חיים איצע שלאָפט ניט, קומט צו זיך, גאָט איז מיט אייך...

אייניקע האָבן מביניש באַטראַכט דעם טונקל־בלוי אויפגעשוואָלענעם געזעס, וואָס איז דאָ און דאָרט אויפגעבלעזלט געוואָרן מיט טונקעלע בלוט־פּענכערס אַזוי ווי בראָדעווקעס: „א קלייניקייט... מ'מוז שוין צולייגן אייז, אָן אויפהער, א גאַנצן מעת־לעת. א גאַנצע לעדאָווּנע אפילו ווערט ניט בטייען...

חיים איצען האָט מען א גוט אויסגעצויגענעם אויפן שליטן א היים־געפירט. און יידן, קוקנדיק אויף זיין מיטאַמאָל געל־געוואָרענעם פּנים, זיי־נען שטיל זיפצנדיקע נאָכגעגאַנגען, ווי ביי א לויה.

## קאַפּיטל ז

אין זילבער־ווייסע פאַרנאַכטן שטעל איך מיר אוועק דעם לייטער צום בוידעם־טירל און גיי מיר אַהינצו אַרויף. דער בוידעם איז לעצטנס געוואָרן א באַוועגלעכער דורכגאַנגס־פּונקט פאר דריי שכנים. דורך אים קומט מען זיך צונויף נאָכן מעריב דאַוונען. כאַטש טונקל און רויכיק, — האָב איך ליב צו זיצן דאָרט איינער אַליין. אריינגערוקטע אין די פּאַר־באָרגענע בוידעם־סטריכעס שלאָפן שוין די פּאָר הינער; דער שטאָלצער אָנגעבלאָזענער אינדיק, דער יחסן, וועמען מ׳האָדעוועט אויף פּסח, שטייט אויף א שטייג און חלומט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן. דורך דעם קליי־נעם בוידעם־פענצטערל ,איינגעטונקען אין פּאַוואָטינע, קוק איך אַראָפּ צו אונדזער מאַרק־גאַס. איך זע הייזער פאַרפּרעגלטעטע מיט דעכער אין שניי־היטלען. א לבנה וואַלסירט דורך כמאַריקע קאָרידאָרעלעך איבער דער ווייסער גאַס און אָנגעצונדענע לאַמטערנעס זעען אויס אזוי גוססדיק־געלע, אזוי עלנט איבעריקע. סאַראַ שטילקייט ליבער גאָט! זי שרעקט אָט די שטילקייט אַזוי, ווי ס׳שרעקט דאָס אויסגעצויגענע וואָיען איבער דער גאָס פון א הפקר הונט. צום הונטס וואָיען באַהעפט זיך א פאַרבענקטער סווישטש פון א לאָקאָמאָטיוו, וואָס שניידט דורך א טאָל, ניט ווייט פון שטעטל. דאָס שנעלע טיק־טאַק קלאַפּן פון די וואַגאָן־רעדער איבער די רעלסן, עכאָ׳ט אָפּ ווייט, ווייט איבערן שטעטל ווי קנאַלן פון א מאַ־שין־געווער. כ׳הייב אָן בענקען. איך טראַכט: זאָל נאָר קומען דער לי־בער זומער, וועל איך אים ארומנעמען הארציק, איך וועל אים טוליען צו זיך, פּונקט ווי כ׳טוליע צו זיך א חבר, וועלכן כ׳האָב שוין לאַנג, לאַנג ניט געזען. און א לאָז טאָן וועל איך זיך איבער טאָלן און גרינע פעלדער ווי א יונגער לאָשעק. איך וועל שרייען, זינגען, און זיך צוהערן צו מיין אָפּענט־פערנדיקן עכאָ. כ׳וועל אויך מיטשלעפּן מיט זיך מיין קליין, שטענדיק־וויינענדיק שוועסטערל: „וויין ניט פייגעלע, זע: אַזאַ שיינע וועלט! אָט האָסטו דעם גרויסן, ווייט זיך ציענדיקן וואַלד, אָט — די צעשמייכלטע סאַזשלקע דאָרט באַהאַלטן צווישן הושענא־ביימער. זע, דאָרט ווי א פישעלע, שפּרינגט אויף פון וואַסער און צעזילבערט זיך קעגן דער זון. קום! לאָמיר לויפן ווייטער. צווישן יונגיטשקע קוסטעס וועלן מיר זיי אויס־זוכן די רויטע פּאָליניצעס מיט נאָך ווייסינקע חן־בעקעלעך און זיך קוויקן מיט זיי. און זיס שמעקנדיקע, ווייסע פון קיינעם ניט באַרירטע לאַנדיש־

בלימעלעך צווישן גראָזן וועלן מיר קלייבן. בוקעטן גרויסע וועלן מיר ברענגען פאר אונדזערע שוועסטער, אונדזערע ברידער, פאר אונדזער אור־מעטיקער היים.

באַלד ווערט דער חלום אַוועקגערויבט. שכנים דורך בוידעם־טירלעך הייבן זיך אָן צונויפקומען. ס'איז שוין נאָך דער מאָגערער וועטשערע. עמעצער טאָרעט מיך: „העי, ניט געפונען קיין בעסער פּלאַץ אויף צו שלאָפן, ווי נאָר דאָ מיט די הינער?" פאַרשעם איך זיך. איך שווייג און גיי מיט אים.

אין אונדזער מיטלסטן צימער ברענט אַן אכטער לאָמפּ. דער קנויט רויכערט צו ביסלעך און פאַרסאַזשעט דאָס גלעזל. ארום טיש לעבן דער ווארעמער הרובע זעצט מען זיך אוים. אָט באַווייזט זיך עליקל שניידער. צוזאַמען מיט דער פּראָסטיקער קעלט ברענגט ער אריין מיט זיך א פרייד. ביים אריינגיין קלאַפּט ער אָפּ פון די שטיוול דעם שניי:

— א קרירה — רייבט ער זיך די הענט — כ'לעבן אַן עבירה א הונט ארויסצולאָזן אין דרויסן ארוים.

אויבנאָן ביים טיש, זיצט אונדזער שכן מאיר עטלם. זיין ראָזעווע פּנים איז אויפגעלעבט, זיין שיטער בערדל, זיינע בלויע אויגן וואַרעמען יעדן איינעם מיט זייער פריינטלעכן שמייכלען. ער איז א טאַטין־שניי־דער. שוין באַלד דריי חדשים, ווי ר'האָט דאָס „געצייג" באַהאַלטן בסוד־סודות, צווישן פּסחדיקן געפעס וואָס רוט א גאַנץ יאָר אין גרויסן פאַררויכערטן קאַסטן אויפן בוידעם. ער לייגט אַוועק אויפן טיש, אַן אָנ־געפולטע פּושקע מיט טאַטין און פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. ער ווייסט שוין, אַז הענט וועלן זיך הונגעריקע, באַלד א לאָז טאָן, נעמען וויקלען ציגאַרן און זיך קוויקן מיט ציגאַרנרויך, ווי מיט א גוטן ביסן. מאיר עטלם האָט פיינט טרויעריקע נייעס און איידער וואָס־ווען, הייבט ער אָן צו דערציילן אַ מעשה, שוין צענדליקער מאָל דורך אים איבערגעחזרט:

— „האָבן זיך באַגעגנט אינמיטן וועג הייסט עס צוויי פורלעך. א בעל־עגלה פירט א רבין אין שטאָט אַראָן; א גוי פירט א גלח אין שטאָט אַראָן. דער וועג איז א שמאָלער,ביידע האָבן זיך איינגעעקשנט, קיינער וויל דעם וועג ניט אָפּטרעטן. טענהט דער בעל־עגלה צום גוי:

— העי, ביסאַ באָהו, טאָזש יאַ ראַבינאַ דאָ האָרודי וויזו!

ווערט אויפגערעגט דער גוי, ווייזנדיק אויפן באַטיושקאַ:

— א או מענע שאָ, איוונאַ נאַ וואָזי?"

צעלאַכט מען זיך הילכיק. ביז מיין פאָטער דערמאָנט וואָרענענדיק:

— ש... ש.. איר האָט שוין פארגעסן אן די רומענער?

עליקל ברומט אונטער א וואָלעכל. זיין פארבענקט ברומען ציט זיך עטלעכע רגע׳ס, דערנאָך אזוי ווי א סאָלדאַט אויף א באַפעל, שפרינגט ער אויף:

— עך אָלטע לאַט, מיט אַך איז נאָר גוט וואָן צו טרינקען, און כריין צו ראַבן.

באַלד איז ער שוין אויסגעוואַקסן אין הינטערשטן צימער. דאָרט איז פריילעכער. מיידלעך און יינגלעך פלירטעווען. זיי פלאַמען, זיי סודען זיך, זיי לאַכן שטיל. עליקל צעלאַכט זיך:

— פאַרוואָס איז אזוי יום־כפורדיק שטיל דאָ? — ער פארלירט ניט קיין צייט און ער צעזינגט זיך ברייטהאַרציק. די שטימע זיינע איז גע־פילפול:

זאָלסט ניט הערן וואָס דיין מאַמע וועט דיר זאָגן,
קום אַראָן צו מיר אין שטיב

א מיידל אינגאַנצן אויפגעלעבט, גלייך ווי זי שטייט פאר איר גע־ליבטן, ענטפערט אָפּ:

אוי, איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב,
אַ סימן האָסטו איך גיי צו דיר אין שטיב.

צעזינגען זיך שוין אלע מיט אַמאָל:

איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב...

עליקל שפרינגט אויף ווידעראַמאָל, ווי קוועקזילבער רוט ער ניט:

— שטעלט זיך אוים בחורים און מיידלעך, טאַנצט א שער!

— ס׳טייטש אזוי אַן מוזיק, אָן א גראַמאַפאָן?

— זאָרגט זיך ניט, איך בין א גוטער גראַמאַפאָן.

פּאָרלעך שטעלן זיך אוים צו צוויי אין א ריי און ווי סאָלדאַטן וואַרטן זיי אויפן באַפעל.

— פּאַרטיק? — עליקל הייבט אָן געלאַסן מיט א דין אונטערפּאָמ־פּענדיק שטימעלע, גלייך ווי ר׳האַלט א פאַרסטריגע אין מויל: — יאָם־טוי־די־ רי־טאָם שבתי פיקעט, יאָן־טי־די־רי־טאָם שבתי פיקעט, טי־רי־ריי, טאַ־ראַ־ריי.

העלפן שוין אונטער א פּאָר מיידלעך א ביסל פאַרדעכעטע ביים טאַנצן:

— איי, איי, איי, טי־רי־ראַם. טי־רי־ראַם.

און טאַקע נאָכאַמאָל דאָסזעלבע אָן ווערטער. פּאָרלעך באַגעגענען זיך, דערנענטערן זיך, רוקן זיך אויף צוריק. מיידלעך בלייבן שטיין אין א קרייז, בחורים אינדערמיטן דרייען זיך, גלייך ווי זיי שווימען אָט אַהער, אָט אַהין. הענט פלעכטן זיך שלום־עליכמדיק. יעדער בחור גיט א פעסטן קלאַפּ מיט די פיס, אַזש זיין טשופּרינע צעפּאַטלט זיך ביי אים. ווי א ווי־כער דרייט מען זיך אויף די שפּיצפינגער. עליקל האַלט חשבון, ווי אַן אמתער טאַנצמייסטער פון די פּאָר מאָנפאַסיע, וואָס מ׳האָט אים אונטער־געטראָגן, קייט ער איינע, ער לעבט אויף איצט:

— שנעלער — שרייט ער — שנעלער! פירט עם אוים. אַהערצו! אַהינצו! אזוי, אזוי, אוי טי־גי־די־דאַם־דאָם, איי, איי, איי, שטאַרקער! א פייער אויף די רומענער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַלד ווערט שטיל. די מיידלעך וואַרפן זיך מידע, פאַרסאָפּעטע אויף דער קאַנאַפּע, וואָס צעסקריפּעט זיך. בחורים רויכערן ציגאַרן. ס׳הערט נאָך זיך דאָס טופען פון איינעמס א פוס אויף דער פּאָל און פון דרויסן — דאָס דראָענדיקע פייפן פון רומענישן פּאַטרול. און עס הייבן זיך אָן שיטן נייעסן וואָס גרוילן: וועגן מענטשן צום טויט דערשלאָגענע, וועגן דערשאָסענע,

געשמיסענע אין נאָענטע דערפער און שטעטלעך. די נייעסן דערציטערן הערצער, וועקן אויף אויסגעצויגענע זיפצן, וואָס ווערן דערשראָקענע, באַלד טאַקע דערשטיקט אין די זעלבע מיילער...

## קאַפּיטל ח

באַטראַכטנדיק אָפּט מיין פאָטער, דוכט זיך מיר אויס, אז די גאַנצע וועלט, אַלע מיינע באַקאַנטע יידן, אפילו מיינע חדר-חברים, האָבן שרעק מיט מורא אין די אויגן און שפּילן זיך ניט מער, זיינען פאַרעלטערט און פּריצייטיק גרוי געוואָרן. אין מיין פאָטערס בלוטפולן פּנים, האָבן זיך פרישע קנייטשן איינגעקאַרבט. אין זיין בלאָנדער, ערטערווייז גאָלדקאָלירקער באָרד, האָבן זיך אריינגעפלאָכטן גאַנצע פּאַסמעס מיט סיווע האָר. זייער זעלטן שיינט אויף א שמייכעלע אויף זיין פּנים. גאַנצע טעג דרייט ער זיך ארום פאַראומערט, שפּאַנט אום איבערן צימער ווי אין א תפיסה. און לסוף ווערט אָפּט אויסגעלאָדן זיין רוגז אויף אונדז קליינוואַרג. אין די נעכט איז אזוי שטיל, אַזש ס׳קלינגט אין די אויערן. אין דרויסן וואָיעט דער ווינט ווי א הונגעריקער וואָלף. אָפּט הערט זיך ס׳פייפן פון די נאַכט-פּאַטרולן, וואָס ווילן דערשראָקענע מכלומרשט איבערשרעקן די שטילקייט. און ביי אונדז אין שטוב טיק-טאַקעט דער אומרו פון וואַנט-זייגער איבער מיין צוקאָפּנס, באַגלייט פון א כאָר פון פארשידנטענערדיקן כראָפּען. מיין פאָטער קרעכצט. עס קרעכצט מיט, מיט אים דאָס אַלטע בעט, זוען ער דרייט זיך אלעמאָל איבער פון איין זייט אויף דער צווייטער. איך הער אים זאָגן קריאַת-שמע, איבערחזרנדיק צוויי מאָל יעדעס וואָרט.

— בידך, בידך... אפקיד... אַפקיד רוחי...

דערנאָך גלייך ווי אין עפּעס זיך דערמאָנט, שטיל, פאָרזיכטיק, אין די וואָלענע שקאַרפּעטקעס, גייט ער אַראָפּ פון בעט. אים באַגלייט זיין שאָטן, קעגן דעם טונקעלן שיין פון קליינעם נאַכט-לעמפּל אין קיך, וואָס שטייט און באַוואַכט די פינצטערניש. ער באַטאַפּט געטריי יעדנס געלעגער. פּונקט ווי מיין מאַמע, די ניט־לאַנג-פאַרשטאָרבענע, פאַריכט ער די קישנס, די קאָלדרע. איך כראָפּע בוצים, איך שפּיר מיט הנאה, די וואַרעמע פאָטער-ליבע וואָס גלעט מיין קאָפּ, מיינע באַקן.... און אמאָל אומגעריכט, געשעעט עפּעס אנדערש:

אָט א שטייגער: ס׳איז אויפדערנאַכט. שכנים זיצן, מ׳רויכערט, מען רעדט, מ׳שווייגט. מיטאַמאָל ווענדט זיך צו מיר מיין פאָטער מיט א באַזונדערן מין שטאָלץ:

— נו, הערשל, וואָס האָסטו עפּעס געלערנט היינט אין יענעם לשון־קודש ביכל?

דערצייל איך זיי וועגן תנא רבי מאיר און זיין אשת־חיל ברוריה, וועגן זייערע צוויי זין ביי וועמען די מגפה אין שטאָט האָט אָוועקגערויבט דאָס לעבן אין א שבת־טאָג, פּונקט ווען רבי מאיר האָט געדרשנט פאַר זיינע תלמידים אין בית מדרש. און אזוי ווי שבת טאָר מען ניט וויינען האָט די איידעלע מאַמע ברוריה דערשטיקט דעם צער אין זיך און איבערגעדעקט אירע צוויי טויטע זין. מוצאי שבת נאָך הבדלה האָט ברוריה געפרעגט איר מאַן: „רבי, ערב שבת איז געקומען צו מיר א ייד א משכון צו באַהאַלטן און איצט איז ער געקומען אויפמאָנען אים צוריק. דאַרף איך אים צוריקקערן, אָדער ניט?״ — „אוודאי, אוודאי — האָט רבי מאיר איר באַלד געענטפערט. האָט ברוריה אים באַלד אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום בעט, וווּ ביידע טויטע זין זיינען געלעגן. דענסטמאָל האָט רבי מאיר זיך הויך צעיאָמערט: „מיינע זין, מיינע זין!״ אָבער ברוריה פול מיט קוראַזש האָט אים בארויקט: „רבי האָסט דאָך אליין געזאָגט, אז א משכון מוז מען צוריקקערן. גאָט האָט אונדז די קינדער געגעבן, גאָט האָט זיי זיך צוריקגענומען...״

מיין פאָטער פאַרענדיקט מיט א רעזיגנירטן זיפץ אויפן יידישן שטייגער: — אדאָשעם נתן, אדאָשעם לקח, אזוי איז עס.

דער אַלטער אהרן־לייזער בלאָזט פאַרטראַכט דעם ציגאַרנרויך. זיינע בליקן זיינען פול מיט באַוווּנדערונג, ווען ער רופט אויס:

— איי, איי! ווי שיין, ווי איידל דאָס איז!

עליקלען האָט ווייזט אויס די מעשה פאַרקלעמט ביים האַרץ. ער ווישט אויס זיינע אויגן און שנייצט אויס די נאָז:

— אָט א יידענע א קאָזאַק.

מיין פאָטער צעבייזערט זיך אויף אים:

— קיין בעסערן פאַרגלייך האָסטו שוין ניט געפונען? דו וואָליעסט אַרויס וועדטער, פונקט ווי א גוי.

דערווייל האָט אונדזער טייערע שכנה עטל אַריינגעבראַכט א טע־לער פּאָווידלע. זי איז טונקל גאָלד־קאַלירנע, האַרט, און זיס, מיט שטיקלעך אויסגעפּראַזשעטע ניס. אויף פריש געבאַקענעם מאַלאַי שמירט מען די פּאָווידלע און די שטיקלעך ניס־יאָדרעס כראָמטשען זיך צווישן די ציין. דער־נאָך פאַרזופּט מען מיט א קאַלטן טרונק וואַסער. פּלוצים האָט דער דריי־יעריקער ברוכ׳ל, דעם שכנס יינגעלע, וואָס זיצט גאַנצע שעה׳ן אויף דער פּאָל און קוקט סתם מיט מאַמעטליווע גרינע אויגן, נאָכן אַריינפּאַקן א שטיק מאַלאַי, זיך הילכיק צעגרעפּצט. מיין קליין שוועסטערל, טרייבט אים באַלד אַרויס פון שטוב: „גיי, גיי דו שטינקער". אַלע לאַכן. ד׳ער קליינינקער מיט א פינגערל אין מויל, אָנגעברוגזט ברעכט פּיסקעס און גייט זיך. ווערט ווידער שטיל. דער אַלטער אהרן־לייזער צעזיפצט זיך און פאַרענדיקט מיט א קרעכץ: — אוי־וי־וי...

— וואָסי רב אהרן־לייזער?

— וואָס זשע ניטאָ וועגן וואָס צו קרעכצן? אָט אָפּגעלעבט א לעבן, כ׳האָלט שוין ביי די אַכציק, איך בין איינער אַליין. זי פוילט שוין לאַנג אין דער ערד. די קינדער פאַרוואָרפן ווייט ערגעץ אין אַמעריקע, אין בראַ־זיל. קיין בריוול שוין יאָרנלאַנג נישטאָ פון זיי. און איך בין שוין שוואַך. אין א לײדיק הויז, צווישן שטומע ווענט, צייל איך די רגע׳ס, די שעה׳ן, די טעג.

— אָבער ניט אַלע צייטן זיינען גלאַך — טרייסט אים מיין פאָטער — מיר האָבן א גרויסן גאָט.

— דערווייל ווערן די צייטן וואָס אמאָל ערגער. שווער איז דאָס לעבן היינטיקע צייטן פאַרן יונגערמאַן, ביטער — פאַרן זקן.

— האָפענונג, האָפענונג ר׳ לייזער — מונטערט עליקל — ווי זינגט מען יענץ לידל: גוטע צייטן וועלן קומען... וועלן קומען...

נאָר דערווייל וועבט די צייט אויס צעקנייטשטע אוזאָרן אין פּנימער, און פאַססמעס סיווע האָר אין בערד און פאות.

## קאַפּיטל ט

פון נאָענטן דאָרף באַווייזט זיך אַמאָל אַ גוי אין מאַרק. ס'שלאָגט פון אים אַ געזונטער, זאַטער ריח פון קנאָבל, מאַמעליגע מיט ברינדזע און אַ זויערער פּגירה־ריח פון זיין ווייסן, ווי אָפּגעקאָלעכטן פעלץ. די שוואַרצע קוטשמע אַראָפּגערוקט איבער די אויערן איז מיט ווייסן פראָסט ארומגע־זוימט, פונקט אַזוי זיינען ווייס באַפּראָסטעט זיין גדיכט באַוואַקסענע באָרד און טשופּרינע, וואָס ר'האָט געבראַכט צום שטעטלדיקן שערער. אויפן אַקסל — אַ ליידיק טאָרבעלע פון אַ וואַרעטקעלע אויפגענייט און אַ ליידיק טונקל־גרין פלעשל פאַרשטאָפּט מיט אַ פּאַפּאָשויענעם קאַטשען. ער וועט קויפן אַ ביסל קעראָסין, אַ ביסל זאַלץ, אַ גרויסן גוט געזאַלצענעם הערינג, טרוקענע געזאַלצענע פיש. עס האָבן אַ פּאָר נייגעריקע יידן אים דערטאַפּט אין אַ באַקאַליי־קלייטל. מ'וויל עפּעס געוווּיר ווערן, אַ נייעסל, און טאַקע הערן „וואָס דער ערל דברט". מ'הייבט אים אָן טאָרען:

— נו, קום, ווי אַזוי, פאַרפירן דער דניעסטער? זיך געשטעלט?

און דער גוי, נעמט אַראָפּ די קוטשמע, גיט זיך אַ קראַץ אין דער פּאַ־טילניצע, ענטפערט תמימותדיק רואיק:

— נאָכנישט, ער קלויצעט שוין.

— שטיל ביי איך, באַדי אַנדריי?

פאַרטראַכט זיך דער פויערל אויף אַ ווײַלע און ענטפערט:

— שטיל... נו, יאָ...

פרעגט מען אים שטיל אויפן אויער:

— און די רומענער? האַ, זיי שלאָגן דאָרט אויכעט?

באַדי אַנדריי האַלט אַ צוגעשניטענעם שטיקל פּאַפּושויע־שאָלעכץ צווישן די ליפּן, און מיט אַ פינגער פון איין האַנט צערייבט ער אין דער דלאָניע פון דער צווייטער האַנט, געלע אויסגעטריקנטע טאַטין־בלעטער. ער דומעט ווייזט אויס, צי זאָל ער ענטפערן, צי ניט. לסוף פאַררויכערט ער, טוט אַ געדיכטן שפּיי און צעזיפּצט זיך:

— אָ יעזוס, צי מע שלאָגט? צי מע שלאָגט פרעגט איר? מע ראַזגע־וועט, מע הרג׳עט...

— איז ווי אזוי זשע גלויבט מען ביי אייך, ס׳וועט טאַקע אייביק זיין אזוי?

— אָ באָהו זנייע ליודי דאָברי...

— ווינסטו טאַקע ביים דניעסטער?

— צוויי שפּאַן פון מיין כאַטע. כ׳קוק אריבער „אַהין" זע איך אלצדינג.

— און וואָס הערט זיך עפּעס „דאָרטן"?

— שטיל... ס׳האָט ערשט ניט לאַנג אריבערגעשריגן פון יענער זייט א זעמליאַק, געזאָגט, נאָך א וואָך, נאָך צוויי, און זיי וועלן קומען.

— האָסט טאַקע אליין געהערט?

דער גוי צלמט זיך איבער:

— ביי יעזוס, מענטשן גוטע.... כ׳האָב אים אליין געזען.

איין ייד טרייסט זיך מיט די ווערטער:

—הע, הע, ציגיינער, זאָל נאָר דער „עסטער" זיך שטעלן, וועט איר לייזיקע, ווי דראַנטיעס פליען.

— נאָר מ׳שלאָגט און מ׳שלאָגט — טענהט גלייך ווי צו זיך אליין דער גוי, זויגנדיק זיין ציגאַר — און זיי מיינען הפּנים צו פאַרטומלען דערמיט דאָס פאָלק..

— יידן, זיי זיינען שוין היינט קלוגער געוואָרן די איוואַנעס.

אָט די נייעסן צעפליען זיך ווי פייגל. זיי צעוואַקסן זיך, ווערן העלער פאַרביקער, באַפּוצט. אויפדערנאַכט ווי שטענדיק קומט אָן עליקל, פריילעך:

— ס׳עט זיין גוט...

— וואָס איז די ישועה עליקל?

עליקל רוימט איין א סוד: כ׳האָב היינט גערעדט מיט א באַקאַנטן גוי ר׳האָט אַליין געזען, אפשר פערציק טויזנט סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען אויף „יענער זאַט״.

צעשמייכלט זיך מאיר עטלם דער טאַטין־שניידער:

— איך האָב געהערט פּונקט קאַפּויער, ס׳איז אַפילו דאָרט קיין וולאַסט נישטאָ, נאָר באַנדעס און היידאַמאַקעס.

איך סערוויר עליקלען מיט א גלעזל טיי, צוויי שטיקלעך צוקער, און א שטיקל מאַלאַי. ער בייסט אָפּ פון צוקער און פון מאַלאַי צו שטיקלעך, דאָס איבעריקע באַהאַלט ער אין קעשענע, און ער פאַרענטפערט זיך פאַר מיר: פאַר „מיינער״ און פאַר רחלען. ער זופּט שנעל די הייסע טיי. ער בריט זיך אָפּ, אַזש טרערן באַווייזן זיך אין זיינע אויגן. באַלד צעזינגט ער זיך פריילעך, האַרציק:

עך אויף א שיפּעלע,
און די אויף א לאָדקע,
עך א סאָלעדאָט
און די א סאָלעדאָטקע.
איי, איי, איי, איי, איי, איי...

און אינמיטן זינגען, רוימט ער מיר איין א סוד:

— טאָווארישטש, נאָך א שטיקעלע צוקער פאַר מיין רחלען...

## קאַפּיטל י

א גרויסע און ברייטע הויז לעבן דער בראָדער שול, האָט שטענדיק גע־קוקט מיט צעעפנטע פענצטער אויף דער מאַרק־גאַס. דאָרט איז געווען אַמאָל א וויין־שענק. דורך די צעפּראַלטע פענצטער האָט אַמאָל געהילכט מיט פאַרשיכורטן זינגען פון פאַרכמאַליעטע גויים און גוי׳עס, מיט לידער צו־פרידענע, זאַטע ווי די בעסאַראַבער פעלדער. אין די ירידים טעג האָבן פון דאָרט אויף ווייט זיך פאַרשפּרייט ריחות פון בראָנפן און געזאַלצענע הע־רינג. אין צעפּאַרעטער ענגשאַפט איז מען דאָרט געזעסן, געטרונקען פּאָ־וואָליטשקע, גערעדט וועגן פעלדער און גערעטענישן, וועגן שאָף און חזי־

רים, ביז אויגן האָבן אָנגעהויבן שמייכלען. מ׳האָט געקלאַפּט קעלישעקל
אין קעלישעקל, זיך ארומגענומען, געקושט זיך, און הויך־הייזעריקלעך גע־
לאַכט. דער שענקער ר׳ זלמן איז געווען א ייד א גברן. אין די בלאַסע זומער־
קאַיאָרן, האָט מען אים שוין געזען שפּאַצירן אויפן טראָטואַר. א זילבערנע
ברייטע באָרד, א פּנים רויט ווי א צוויק, אין מויל א געלע־בורשטינענע
ליולקע. אזוי פלעגט ער זיך שפּאַצירן אין די ווייסע לאַנגע גאַטקעס אונ־
טערברומענדיק אַ לידל און שמייכלענדיק מיט א פּאָר וויין־רויטע אויגן. אינ־
דערפרי, ווען מייַן פּאָטער פלעגט ווי געוויינלעך אויסגיסן די נאַכט־שיכל
אינמיטן דער גאַס, האָט ער אונדז, די נאָך־שלאָפנדיקע געוועקט: „פּע, איר
שלאָפט נאָך און ר׳ זלמן האָט שוין לאַנג קידוש געמאַכט״. ר׳ זלמן איז גע־
ווען שטענדיק צופרידן. גערעדט שטיל און געציילט די ווערטער ווי מטבעות.
זיין גערוימער, זיך טיף ציענדיקער קעלער, איז געווען באַזעצט מיט הויכע
דיק־בייכיקע פעסער מיט ווייסן און רויטן וויין, נייעם און אַלטן. און לאַנג
לעבן זאָל די קערניצע. אונטער זיין זונדלס וועוועס הענט, האָט באַנאַכט אָן
אויפהער געקרעכצט דער קאַרליק. אָנגעפילטע עמערס מיט וואַסער, פלעגט
עַר טראָגן אויף „אָפּצושמדן״ דעם וויין. געווען איז אָט דער וועווע א יונג
מיט ביינער, פונקט דעם טאַטנס בעריק־רויטע צורה, נאָר א ביסל אויסגע־
וואַקסענער, העכער מיט א פּאָר לאַנגע פּיס וואָס האָבן געשפּאַנט בעריש
שווער, און היינט א פּאָר ידים פאר וועלכע איטלעכער האָט זיך געשראָקן
ווי פאר א קדחת. אין די ירידים, האָט ער שטענדיק באדינט די קונים. און
וויבאלד נאָר, א פּאָר זיינען „פאַרטיק״ געוואָרן, און פאַרטשאַדעטע פון
טרינקען אָנגעהויבן זויערן פּנימער אָדער זיך געוואָלט „צולייגן״ אויפן טיש
איז וועווע באַלד אויסגעוואַקסן. מיט זיינע ידים האָט ער זיי געשלעפּט ווי
נבלות און ארויסגעשטופּט זיי אין דרויסן ארוים צום גאַניק. „בופלאָקס״,
„מאַמעטליוווע״ — אזוי האָט מען אים גערופן. ער האָט געקאָנט אָפּשטיין
שעהן גאַנצע, צווישן מענטשן און אפילו א פּיפּס נישט טאָן. ווען וועוועס
מוטער איז געשטאָרבן האָבן יידן אין קלויז, מיט פּנימער וואָס באַהאַלטן
א חוזק־שמייכעלע, ליב געהאַט זיך אוועקצושטעלן לעבן אים, קוקן גלייך
אין זיינע בלויע אויגן, נאָכשאָקלען מיט די קעפּ, אויסהערנדיק זיין אויס־
געשריענעם צעקאַליעטשעטן קדיש און ענטפערן אָמן. נאָך יעדן קדיש
זאָגן, האָט מען געקלאַפּט אין זיינע ברייטע פּלייצעס: „ביסט א מאָלאָדיעץ
וועווע, האָסט א גאָלדענעם פּיסק, א היילונג צום האַרצן״. דערפאַר, האָט
וועווע א צופרידענער באַלד אין איילעניש אריינגעבראַכט א שטאָף מיט

ווייַן. ווי אַ נאַאיווו מיידל פאַררויטלט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער פּאָל, האָט ער אויסגעהערט די ווינטשעוואַניעס:

— לחיים, וועווע, אַז דער אויבערשטער שענקט אַזעלכע צוויי קדישים ווי דו, פּליט די נשמה גלייך אין גן־עדן אַרייַן.

* *
*

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז רב זלמן אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט. ר'האָט דוכט זיך, דאָס ערשטע מאָל זיך גוט איינגעקוקט אין זיין וועווען און דערזען, אַז ער איז צו גרויס אויסגעוואַקסן, צו געזונט. אין אַן ערב שבת האָט רב זלמן אַריינגע־שלעפּט אין אונדזער שטוב וועווען און זיך געבעטן ביי מיין פאָטער:

— פּסח, רעד מיט אים, גיב אים צו פאַרשטיין. ס'איז מלחמה, איך וויל ניט בלאַבן אַליין, איך וויל ניט אַר זאָל גיין אין פייער אַראַן...

מיין פאָטער האָט בייז באַטראַכט וועווען:

— איך פאַרשטיי דעך ניט וועווע, ווילסט טאַקע נאָר אָנטון יסורים דאָן אַלטן טאַטן?

און וועווע האָט אָנגעבלאָזן אַ פּאָר פליישיקע באַקן:

— וואָסזשע ווילט איר זאָלעך טיען?

— „מאַכן" אַ חסרון.

— וואָס זאָלעך מאַ־אַכן? האַ?

— אַ חסרון, ווי אַנדערע טוען, אַ שטייגער: אַ בילמע אויפן רעכטן אויג, אָדער מ'לעכערט זיך אַן אויער, אָדער מ'מאַכט זיך אַ „גריש", אַ קילע...

וועווע האָט באַטראַכט זיינע הענט, זיינע פיס, געגלעט זיין רויטן קאַרק און פלוצים אויפגעשפּרונגען מיט אַ פּאָר קולאַקעס גלייך ווי גרייט עמעצן דורס צו זיין:

—מאַכט איר זעך א קילע... עך, ניט...

באין־ברירה האָט זיך מיין פאָטער צעזיפצט:

— זעסטעך זלמן, ס׳אַ באַשערטע זאַך...

אין אַן אינדערפרי, מיט א רענצל אין דער האַנט, האָט וועווע זיך גע־זעגנט מיט אלע שכנים און באַקאַנטע. ער האָט ארומגעכאַפּט זיין פאָטער. אין ר׳ זלמנס טרייסלען זיך, האָט מען דערפילט א שטיל פאַטעריש וויינען.

— זאָלסט זיך היטן, וועווע.

— עכל זיך היטן.

מיין פאָטער האָט אים געוואָרנט:

— זאָלסט שטענדיק זאַן דער לעצטער פון הינטן, פאַרשטייסט? פון הינטן, ווערסטו זאַן דער ערשטער צום אַנטלויפן.

אויף ר׳ זלמנס פנים האָבן געריזלט גרויסע טרערן. זיינע ליפּן האָבן געציטערט. הפנים ר׳האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און ס׳געוויין האָט די ווער־טער פאַרשטאָפּט. מיין פאָטער האָט נאָכגייענדיק דעם פאָעטאָן, גע־האַלטן אין איין איבערחזרן:

— ניט פאַרגעסן וועווע, נאָר פון הינטן... נאָר פון הינטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פון דעמאָלט אָן איז ר׳ זלמנס פנים געוואָרן בלאַסער און די פּליי־צעס איינגעבויגענער. גאַנצע טעג איז ער געזעסן פאַרטראַכט אויפן גאַ־ניק, געוואַרט מיט מידע, זוכנדיקע אויגן. האָט א לאָקאָמאָטיוו זיך צע־פייפט לעבן שטעטל, האָט עס מיט ר׳ זלמנען א וואָרף געטאָן. זיינען באַלעגאָלעס פונעם וואָקזאַל געקומען מיט „פאַרשוינען", האָט ער זיי אָפּ־געשטעלט, גוט איינגעקוקט זיך אין די פּאַסאַזשירן און געפרעגט:

— ניט געזען מיין וועווען?

און באַקאַנטע צווזעענדיק דאָס, האָבן געוויינט:

— נעבעך רב זלמן... ר׳איז געווירט...

פאַרשוווּנדן איז די פרייד פון אָט דעם ברייטן הויז. די צעפּראַלטע פענצ־טער זיינען פאַרמאַכט געוואָרן און דער קאַרליק ביי דער קערניצע קרעכצט אין די נעכט אין בענקעניש נאָך וועווען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט איז דאָרט די קאָמענדאַטור. טאָג און נאַכט שפּאַנט פאַרן הויז, הין און צוריק, א רומענישער פּאַטרול. די קוטשמע דערגרייכט אַזש זיין נאָז. ס'פּנים איז בלוי פאַר קעלט און מיט די פּיס קלאַפּט ער אַלעמאָל אין פאַרפרוירענעם שניי. נאָר אין זיינע הענט שרעקט שטענדיק מוכן ומזומן אַן אָנגעלאָדענע ביקס מיט א שאַרפן באַיאָנעט. אויפן טראָטואַר איז פאַר־באָטן דורכצוגיין. און טאָמער נאָר ס'האָט איינער זיך פאַרגעסן אינעם פאַרבאָט, האָט באַלד דעם פּאַטרולס אַן אויסגעשריי יענעם אָפּגעשטעלט:

— „וואַרף זיך צו דער ערד! אויסגעצויגן!"

דער פּאַטרול פלעגט באַלד צוקומען, אים ארומטאַפּן, אויסליידיקן די קעשענעס און באַפעלן צו גיין ווייטער. אָדער, ס'האָט דעם סאָלדאַט זיך פאַרגלוסט חוזק צו מאַכן פון א מענטשן, און ניט געטראַכט צופיל, באַלד יענעם אריינגעוואָרפן אין „בעטש" אריין. ס'איז געווען דער גרויסער קע־לער, ווו ס'האָבן געפּוסטעוועט גרויסע אויסגעליידיקטע וויינפעסער מיט אַן עסיק־זויערן נאָכריח. דערנאָך האָט מען יענעם ארומגעטריבן, געהייסן אויסוואַשן די שמוציקע פּאָל, אויסרייניקן דעם קלאָזעט און שפּעטערצו א ביסעלע האָלץ אָנצוהאַקן אויף דינינקע שפּענער.

סיי מיר, קינדער, און סיי דערוואַקסענע, האָבן מערסטנס זיך געשראָקן פאַר איינעם א מיטלוויקסיקן, מאָגערן סאַרזשענט. אויף זיין ראָזעווען פּנים האָט זיך געבערגלט א שאַרפּביינערדיקע נאָז. א פּאָר לאַנגע הענט האָבן זיך ביי אים נאָכגעהאַנגען. זיי האָבן זיך שטענדיק רק געוויגט הין און צוריק, גלייך ווי זוכנדיק עפּעס.

— טאַקע א ייד?

— אוודאי א ייד, ס'זאָלן אזעלכע מער ניט געבוירן ווערן. ר'איז דער גרעסטער „שמעלקע" ביים קאָמענדאַנט.

און ליב געהאַט האָט דאָס סאַרזשענטל, יעדן פאַרבייגייער גוט צו באַטראַכטן, אָפּמעסטן פון קאָפּ ביז די פּיס, אַריינשפּיזן זיינע שוואַרצאוי־

גיקע בליקן אין יענעמס, פּשוט אויס פאַרגעניגן, אַבי יענעם צו פאַרטומ־לען. אָדער, ווי א גוטער מבין צילעווען זיינע אויגן אויף דעם פאַרבייגיי־ערם הינטערשטן טייל קערפּער, שאָקלען מיטן קאָפּ, גלייך ווי דערמיט באַ־שטעטיקן: א וואַזשנע פלאַץ פאַר „פינף און צוואַנציק"...

שטענדיק האָט דער סאַרזשענטל רק געזוכט, געגישטערט מיטן צע־הויקערטן נאָז. ווו נאָר צוויי מענטשן איז ער אויסגעוואַקסן באַלד א דריטער. דערשראָקענע האָט מען אים מכבד געווען מיט א ציגאַר און גע־טראַכט ווי אזוי זיך אָפּצורוקן און פון אים פּטור ווערן.

טאָג־טעגלעך ברענגט מען זיי אהערצו: געזונטע בעסאַראַבער שקצים און גויים פון די ארומיקע דערפער. שטרענג באַוואַכטע, מיט הענט געבונדענע, וואַרפט מען זיי אריין אין קעלער. איצט געהערן זיי דעם סאַרזשענט. מ'דערציילט אז ערב־שלאָגן, גיסט ער אריין אין זיך א פאָר שטאָפּן וויין. עס געדויערט ניט לאַנג און עס רייסן זיך ארויס פון דאָרט גוואַלדן, געשרייען, וואָס צעשניידן די הערצער פון די צוהערער. נאָך דער ערשטער עקזעקוציע, שענקט ער די פאַרחלשטע עטלעכע מינוט אָפּצו־אָטעמען. מ'גיסט אויף זיי וואַסער, מ'רייבט זייערע שלייפן מיט עסיק אָדער שפּירט, ביז וואַנען זיי די פאַרטייעטע, עפענען אויף די אויגן. שפּע־טערצו שלעפּט מען זיי, מיט פיס קוים זיך וואַקלענדיקע צו דער טיר, מען שטופּט זייערע שפּיצפינגער אין די שפּאַרונעם פון טיר, מ'קלעמט זיי אלץ שטאַרקער, שטאַרקער. איצט הערט זיך נאָר א שטיל כליפּען און אויען. קיין יידן, האָט דער סאַרזשענט אויך ניט געשאָנעוועט. כ'געדענק אַ טאָג, ווען מ'האָט אהערצו געבראַכט פון א דאָרף צוויי סוחרים, פאַרדעכ־טיקע אין קאָנטראַבאַנד. ביידע באַבערדעטע, א ייד און א קאַצאַפּ. ביז האַלבע נאַכט האָבן זיי געשריען. אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיי באַ־פרייט, מיט בלאַסע און פאַרבלוטיקטע פּנימער, מיט סמנים פון אויס־געריסענע זשמוקען בערד. יידן בני־רחמנים האָבן זיי באַהאַלטן, אריינ־גענומען אין א שטוב אריין. מ'האָט זיי אוועקגעזעצט ביי א וואַרעמער הרובע, די פּנימער אויסגעוואַשן מיט וואַרעמע וואַסער. פון דער נאָענטער אַפּטייק האָט מען געבראַכט וואַטע, מאַרליע און יאָד. ביים באַשמירן די ווונדן האָבן זיי אויפגעציטערט און געקרעכצט. דער ייד א פאַרשטומטער האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט, נאָר זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט מיט טרערן. ביים קאַצאַפּ זיינען די שוואַרצאַפּלען ווי גלעזערנע געשטאַ־

נען אומבאַוועגלעך. מ׳האָט אים דערלאַנגט אַ פערטל גלאָז זעקס-און-נײַנ-ציקער. ער האָט אין ברייט צעעפנטן מויל, ווי אין אַ לאָך אַרייַנגעגאָסן דעם בראָנפן און ס׳לעצטע ביסל בייז ארויסגעשפריצט פון מויל. זיינע ציין האָבן דוכט זיך געקריצט ווען זיינע האַרטע קאַצאַפּישע קולאַקעס ווי צוויי האַמערס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיינע קני: פּראָקליאַטיע!

אַ פייערל האָט זיך צעפלאַקערט אין די אומבאַוועגלעכע שוואַרצאַפּ-לען, ווי אַן אָפּגעבריטער איז ער אויפגעשפרונגען פון בענקל:

— גוטע מענטשן — האָט ער זיך געניויגט צו די שטוב-מענטשן — גוטע מענטשן, אַ דאַנק, ספּאַסיבאָ. קום אַבראַשקאָ וועלן מיר פאָרן אַ היים... מיר וועלן ניט פאַרגעסן...

שאַיע ביק, אין וועמענס הויז מ׳האָט די צוויי מענטשן דערמינטערט, האָט אויסגעשנייצט זיין ברייטע פליישיקע נאָז אין אַ ברודיק פאַטשיי-עכל, זיין געמבע ווי פון אַ ליידיק פאַס ארויס האָט געברומט:

— וואָס מיינט איר יידן, איז אָט דאָס סאַרזשענטל? — אַזוינס-אָ וואָלט ביי מיר געהאַט אַ קיום? אָך וואָלט פון אים אַ וואַרעניק געמאַכט, אַ קוואַטש — און באַטראַכטנדיק זיינע ברייטע, פאַרהאַרטעוועטע הענט, ווי די קאָרע פון אַ ליפּאָווע בוים באַדויערט — איי, איי, גוטע צייטן זיך דערלעבט... נאָ...

* *
*

דערנאָך איז מען טאַקע געוווּיר געוואָרן, אַז אַבראַשאַ און דער קאַ-צאַפּ שטאַמען פון נאָענטן קאַצאַפּישן דאָרף בעלאָהוסיווקע. אַז נאָענט ל׳עבן דאָרף שטייט אַ געדיכטער וואַלד. אין דעם בלוי-פאַרנעפּלטן וואַלד שלענגלען זיך סטעזשקעלעך באַהאַלטענע, וואָס פירן צום דניעסטער. דאָרט האָבן אָנגעהויבן לעצטנס געשען זאַכן, פאַר וועלכע די רומענער שרעקן זיך, און אפשר טאַקע דערפאַר, זעט מען טאָג-טעגלעך ווי דער געפּו-דערטער קאָמענדאַנט מיטן סאַרזשענט אויף אַ שליטן מיט ביקסן אין די הענט באַגלייט פון אַ צענדליק באַוואָפנטע קאַוואַלעריסטן, ווערן פאַר-שווּונדן אין געיעג נאָך „עמעצן״, העט וויט צווישן ווייסע פעלדער, וואָס פירן צו יענעם אייביק בלוי-פאַרנעפּלטן וואַלד.

## קאפיטל יא

א נייעם ווי א קראַקעדיקע וואָגע איז זיך צעפלויגן איבערן שטעטל. זי איז אריינגעדרונגען אין יעדן הויז, דורך די קלענסטע שפּאַרונעס און שפּעלטעלעך פון טירן: ראַכמיליקל איז געוואָרן א „פיר־אויגנדיקער". א פּחד האָט מענטשן פאַרטריבן פונעם שמאָלן ליקל וואָס פירט צום יאַר אין דער באָד־גאַס אַריין. דאָרט איז גאַנצע טעג געשטאַנען ראַכמיליקלס שטיבעלע און געדרעמלט אונטער סיצענע רויט־באַבלימלטע פאַרהענגלעך. אין דער דאָרטיקער פוסטער שטילקייט האָט זיך נאָר אריינגעשניטן א בייזער געמורמל פון בלאָטיקע ריטשקעלעך, און אומריינע יאַר וואַסערן. נאָר אין די נעכט ווערט דאָרט פריילעך. א פּאָר לאָמפּן ווערן אָנגעצונדן. אהין קומען זיך צונויף רומענער און עטלעכע נקבות, וואָס קוויטשען און לאַכן. מען הערט אויסגעצויגענע טענער פון א קלאַרינעט און א טרומייט, באַגלייט פון א ריטמישן פּויקן און דאָס פּעסטע אויסקלאַפּן מיט פּיס אויף ליימיקער ערד ביים טאַנצן. פון נאָענטן שענק טראָגט מען אהין אין איילעניש אָן אויפהער „שטאָפּן" מיט ווײַן און שקאַליקעס בראָנפן. ביים יעדן עפענען פון טיר רייסט זיך אין דעם פראָסטיקן דרויסן ארוים א מילכווייסע פּאַרע, מיט ריחות פון געטראַנקען, הערינג און סאַרדינען. דערנאָך דערציילט מען, כאַפּן זיי זיך ארויס א „שפּאַציר טאָן" איבער די שטילע גאַסן. ראַכמיליקל און אַ פּאָר רומענער. צו יעדן פאַרדעכטיקן שאָטן זיינען געצילט זייערע ביקסן. מ׳זוכט אין די שניי־באַווייסטע ליקלעך און אין די שמאָלינקע געסלעך. צו יעדן פענצטער, ווו נאָר דורך א שפּאַרונקעלע ס׳געלבט ארויס א בלאַסער ליכט־שיין, הערט מען זיך צו. דעריבער טאַקע וואָרנט מיין פאָטער אונדז זייער אָפט: „ששש... איצט האָבן ווענט אויערן"...

אָנגעהויבן האָט ראַכמיליקל מיט אייזיקלען וואָס האָט א וויים־באַמעליקטער געאיילט אהיים. ס׳איז געווען דעמאָלט א זאַוויערוכעדיקער פאַרנאַכט און שנייעלעך האָבן אין זיינע אויגן אריינגעטאַנצט.

— אייזיקל, וואָס טוסטו עפּעס?

— גאָרנישט... מען לעבט...

— צייט האָסט התונה געהאַט מיט מלכה׳לען, זעט מען דעך ניט..

— ס׳לעבן איז שווער איצט...

— פאַרוואָס פאַרבעטסטו מיך ניט צו זיך?

— מיין פאַרדינסט סטייעט קוים פאַר מיר און מלכה׳לען.

— איך וועל מיטברענגען מיט זיך פון אַלדאָס גוטס...

אָן עקל, ענלעך צו אָט יענעם, וואָס מ׳דערפילט בעת מ׳טרעפט זיך פּנים אל פּנים מיט א פאַרפוילטן שטשור, האָט אין אייזיקלען אויפגעיוירן. מיט א מבינותדיקן בליק וואָס שאַצט אָפּ חשדפול יענעמס געדאַנקען, האָט ער ראַכמיליקן פון קאָפּ ביז די פיס אָפּגעמאָסטן, באַטראַכט זיין נעבעכדיקן גוף, דאָס ביינערדיקע פּנימל און זיין איינציק שיקלדיק אייגל, וואָס באָדט זיך אין א ים מיט גיפט:

— זאָג מיר נאָר ראַכמיליקל, פון ווען אָן ביסטו מיט מיר פּאַני בראַט געוואָרן?

און געשען איז עס אין אן אויפדערנאַכט: פונעם ליקל האָבן ווייבערישע גוואַלד-געשרייען צעשניטן די שטילע פּראָסטיקע לופט. מענטשן זיינען אָנגעלאָפן, געבליבן שטיין פאַרגאַפטע, געקוקט מיט בהלה אין די אויגן: מיט זיינע הענט איינגענאָגלטע אין ראַכמיליקלס דאָרן האַלדז, גרייט יענעם צו דערשטיקן, האָט אייזיקל מיט א צעפלאַמטן פּנים, ווילדנעדיק אַזש פאַר כעס, געביסן זיינע ווערטער צווישן די ציין:

— כ׳על דעך דערוואַרגן, די... די...

און מלכהלע, איר פּנים באַהאַלטן אין א טונקעלן שאַל, מיט א בלאָסקייט פון א מעוברת׳דיקער פרוי וועמען ס׳מלויעט שרעקלעך אויפן האַרצן האָט הייזעריקלעך געשריען:

— אייזיקל!... אייזיקל!...

האָבן זיך מענטשן אריינגעריסן אינמיטן געשלעג און מיט גרויס מי ראַכמיליקלען ארויסגעשלעפּט פון אייזיקלס הענט. ביי אים זיינען די יאַסלעס געווען צעריטשעט און פון דער שאַרפביינערדיקער נאָז האָט א שטרעמעלע בלוט געריזלט. ער האָט געטאַפּט זיין פּנים, געווישט די נאָז און דערזעענדיק בלוט אויף די פינגער געדראָט אייזיקלען, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— געדענק!...

אהיימגייענדיק האָבן מענטשן צופרידענע, גערעדט צווישן זיך:

— ראַכמיליקל פאַרך האָט, ווייזט אויס, ניט געמיינט די הגדה, נאָר די קניידלעך. ס׳הייסט מלכה׳לען.

— און אייזיקל, דוקא ניט קיין מלופים קינד, אזוי שטילערהייט האָט ער פאַרשטאַנען דעם טשאַד.

— א פּאָר הענטלעך האָט עס דער אייזיקל, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן — אייזן!...

און מסירות האָבן אָנגעהויבן צו פּייניקן. טאַטין־שניידערס האָבן באַהאַלטן אין די נעכט געשניטענעם טאַטין, אים סאָרטירט און איינגעפּאַקט. אין די בייטאָגן האָבן זייערע ווייבער בגנבה פון ברייט־אַוועקשפּאַרנדיקע בוזימס, ארויסגעשלעפּט פּעקלעך טאַטין און זיי פאַרקויפט. הייגט א קלייניקייט! ער האָט אפילו פאַרמסרט פארן קאָמענדאַנט, אז יידן פאַרנאַכט אין בראָדער שול, דאַוונען אפילו ניט, נאָר רעדן וועגן פּאָליטיק. דעריבער טאַקע איז אין א שבת פופטערנע אַהין אריינגעקומען דער קאָמענדאַנט צוזאַמען מיטן סאַרזשענטל און אַוועקגעשטעלט זיך וווּליונגעריש, מיט ברייט צענרמענע פּיס און מיט אויגן מכלומרשט גאָרנישט־זאָגנדיקע גענומען קוקן אויפן עולם. מיין פאָטער, דער גבאי, האָט באַלד זיך אַוועקגעשטעלט הכנעה׳דיק פאַר זיי, א נויג געטאָן און פאַרבעטן זיי זיך אַוועקצוזעצן אין מזרח־וואַנט. פון טאַטנס פּנים, פון זיינע ליפּן איז דעמאָלט די געזונטע רויטקייט אַנטלאָפן. ר׳האָט באַלד צוגעאיילט צו מרדכי דעם חזן און שטילערהייט אים איינגערוימט עפּעס. מרדכי חזן, ווי א סאָלדאַט האָט זיך אויסגעשטאָרצעוועט, מיט אים דער גאַנצער עולם. אויף זיי קוקנדיק דער קאָמענדאַנט און דער סערזשאַנטל. ער האָט ארויסגעברומט ווי א לייב מיט זיין באַסאָווער שטימע:

— הנותן תשועה למלכים!..

נאָכדעם האָט מען צופרידענע זיך געריבן די הענט:

— א דאַנק דעם הש״ית, ר׳האָט אונדז אויסגעלייזט פון א בלבול.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער מיט סעריאָזשקען, האָט ראַכמיליקל ביטער אָפּגעשניטן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט ליב געהאַט סעריאָזשקען.

— א יידישער כפרה'ניק — האָבן יידן צופרידענע וועגן אים גע־זאָגט.

דער עלנטער ממזרוק פון דער קאַצאַפּסקער גאַס, האָט פון קליינער־הייט זיין היים געפונען ביי יידישע שוסטער. ער האָט אָנגעהויבן פון א שיק־ייִנגל און זיך דערהויבן צו א פיינעם בעל מלאכה. און שטענדיק נאָר צווישן יידן. מיט קינדער — א קינד, מיט דערוואַקסענע — דער היימיש־סטער. דער בלאָנדער, אין דער ברייט און לענג צעוואַקסענער סע־ריאָזשקע, האָט ליב געהאַט א קלאַפּ צו טאָן אין זיין שטערן און זיך באַ־רימען: „א יידישע קאָפּ, בענעמאָנים״; ארומגערינגלט פון א רעדל קינדער, האָט ער זיי ליב געהאַט צו פרעגן :„קינדערלעך וואָסער סדרה גייט היינטיקע וואָך?״

— וידבר — האָבן קינדערשע געשרייען געהילכט.

— וואָס טייטש פון ווײַדאַבער?

— און ער האָט גערעדט — האָבן קינדער באַלד אויסגעזונגען.

— ווער גערעדט?

— גאָט האָט גערעדט צו משה'ן...

סעריאָזשקע פלעגט א פּאַטש טאָן מיט די הענט און אויסשרייען מיט א פּעזונטער געמבע:

— איילעך־מיילעך, קאַטשקעס־פריילעך, הורא־אַ!

— „הורא־אַ״ — האָט א כאָר פון יידישע קינדער אים באַלד אַקאָמ־פּאַנירט.

אָמיינסטן האָט ער זיך געוויצלט מיטן קליינוווּקסיקן בערישל שדכן, וואָס האָט זיך לעצטנס ארומגעדרייט אָן א שטאָך אַרבעט.

— האַרעעב בערישל, רעדט א שידוך, איך באַלעבאַטיש קינד...

— נאָר דעם מלאך המות סעריאָזשקעלע.

— אָמן גם אתם.

האָט זיך סעריאָזשקעלען אין א פראַסטיקן אויפדערגאַכט, פאַר־גלוסט א שקאַליקל בראַנפן. און דערנאָך בגילופנדיק, איבערגליקלעך האָט ער זיך א לאָז געטאָן איבער די ליידיקע, דערשראָקענע גאַסן, מיט לידער אויף ווייט צע׳עכאָ׳טע, אָדער אינמיטן דערינען זיך אָוועקגע־שטעלט מעשה־אויסשרייער און צעצויגן ווי גומי זיינע ווערטער:

— יידישע קינדערלעך אין באָד אַראָאָן, ס׳איז שבת!

נאָר אומדערוואַרטעט איז זיין פרייד איבערגעריסן געוואָרן. דורך די לאָדן שפּאַלטן האָט מען געזען ראַכמיליקלען מיט א פּאָר זשאַנדאַרן, ווי וועלף זיך יאָגן גלייך אויף אים...

כ׳האָב סעריאָזשקען אויפן צווייטן טאָג געטראָפן ביי עליקל שניי־דער. ר׳איז דאָרט אויף דער ליימיקער ערד אין א ווינקל געזעסן. זיינע אויגן בלוי אונטערגעביילטע, אין געשווילעכץ דערטרונקען. ר׳האָט אַלע מינוט געטונקען שטיקלעך וואַטע אין א שעלעכל מיט באָר־וואַסער און זיי צוגעלייגט צו די אויגן. ר׳האָט אָן אויפהער געזופּט מיט דער נאָז און זי גע־שנייצט, זיינע גרויע אויגן האָבן שטיל געוויינט. דערזענדיק מיך האָט ער זיך צעיאָמערט:

— הערשל, הערשל, זעסט וואָס ראַכמיליקל פאַרך האָט מיר געטאָן?

— נו, גענוג שוין ווי א באַבע צו וויינען — האָט עליקל אים באַרו־זיקט — טרינק בעסער א גלעזל טיי... טערפי קאָזאַק!

— עליקל, כיביי עכל ניט לעבן. נאָר פון מאַנע הענט... כ׳על אים קיילען ווי א חזיר...

— פון א געקוילעטן חזיר, קען מען כאָטש הנאה האָבן — לאַכט עליקל.

— פונעם געקוילעטן פאַרך, וועט א גאַנצע שטאָט הנאה האָבן — און א קוק טוענדיק אויף מיר, צולייגנדיק א פינגער צו די ליפּן, האָט ער מיך געוואָרנט — ברודערל, הערן און שווייגן...

— האָסט געהערט טאָווארישטש? — האָט עליקל איבערגעחזרט — פּתח שין, שאַ!

— טאָמער וועסטו עפּעס דערציילן, — האָט סעריאָזשקע ווידער גע־וואָרנט, א פּיר טוענדיק מיטן גראָבן פינגער איבער דער ברייט פון זיין האַלדז — וועלן רומענער מאַכן א כיק...

צו עליקלען האָבן אָנגעהויבן מענטשן אומבאַקאַנטע זיך צונויפקו־מען. גוט באַפּעלצטע, די קוטשמעס העט איבער די אויגן. זיי קומען דוכט זיך פון דער ווייט. ביים אריינקומען קוקן זיי זיך שטענדיק אום אין אַלע זייטן, פאַרשן אוים, הפּנים, יעדעס ווינקעלע פון שטיבל. עליקל פאַרציט די פאַרהענגלעך איבער די פענצטער. ס'איז לעצטנס מיטאמאָל פריילעכער גע־וואָרן דאָ, די הרובע גוט אויסגעהייצט מיט ליסקע — ברייט ביים מינדסטן צוריר צו איר. ביי עליקלען אויפן טיש באַווייזט זיך אָפטער א קאָרן ברויטל, שטיקלעך צוקער און א גלעזל טיי. דער בלעכענער סאַמאָוואַר האָט אָנגע־הויבן כמעט גאַנצע טעג צו זינגען. די עטלעכע פּרעמדע, פילן אָן די צימערן מיט ציגאַרנרויך. זייער רעדן איז אויסגעשושקעט אויפן אויער מיט סע־ריאָזשקען און מיט עליקלען. צומאָל פאַרענדיקט מען מיט א ווונק. דאָס ארויסגיין פון שטיבל איז גלייך ווי ארויסגעגנבעט זיך, איינציקווייז. איך האָב אַפילו איינמאָל געזען, ווי איינער פאַרן ארויסגיין, האָט אין א ווינקל פון שטוב פאַר מיר באַהאַלטן, אויסגעפּרוווט א רעוואָלווער און אָנגעפּולט זיין באַראַבאַן מיט קוילן.

— ס'קען געשען — האָט ער ווי פאַרענטפערט זיך פאַר מיר — מען דאַרף זיין גרייט.

עליקל איז צופרידן, רייבט זיך די הענט, און קלאַפּט מיר איבער די פּלייצעס: — ס'עט זיין גוט טאָווארישטש.

— ווער זיינען זיי? — פרעג איך אים.

— מענטשן.

— פונוואַנען קומען זיי?

— פון די וועלדער.

— וואָס טוען זיי דאָרטן?

עליקל ווערט ערנסטער: — דו פרעגסט אַ סך טאַוואַרישטש. זיי זאָגן דאָרט ניט קיין תהלים.

— ס׳איז דאָך ווינטער, אַזוי קאַלט אין וואַלד איצט.

— זיי דערוואַרעמען זיך יאַקאָש. מ׳גיט זיך אַן עצה.

— וואָס זשע ווילן זיי עליקל?

—דאָס וואָס אַלע מענטשן ווילן. אַ ביסעלע גליק, אַ פרייען שמייכל טאָן.

— נו און סעריאָזשקע, עליקל?

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אַ פאַרפוצטן. זיין פלאַקס-קאָלירטער שרונט ווי אויסגעפרעסט, ס׳פנים פול מיט בלוטרויטער פאַרב, גוט אויסגעוואַשן, אויסגעזייפט, ס׳האָט געשמעקט פון אים מיט זיסן לאַנדיש פערפום. אַ ים מיט טיי האָט ער אין זיך אריינגעגאָסן. און קיין איינציק וואָרט אפילו ניט ארויסגערעדט. נאָר זופנדיק פון שאָל די הייסע טיי, האָט ער גלייך ווי דערמאָנט זיך אין עפּעס, אַלעמאָל זיך צעלאַכט און לסוף באַגעגנדיק זיך מיט מיין בליק, האָט ער אַזאַ הילכיקן געלעכטער ארויסגעשאָסן אַז מיר אַלע אין שטוב האָבן זיך אַזש דערשראָקן. ער איז אויפגעשפרונגען פון בענקל, ארומגעכאַפּט רחלען, מיך, עליקלען און זיין פרוי און מיט וואַרעמער ליבע אונדז געקושט.

אויפן צווייטן טאָג, האָט מען ראַכמיליקען געפונען ביים יאַר מיט אַ וואַקס-געלן פנים אַ פאַרהלשטן. פון זיין פאַרבלוטיקטן מויל, האָט ארויסגעשטעקט אַ בלויע, אויסגעשניטענע צונג...

---

סעריאָזשקעלע איז פאַרשוווּנדן. אים האָבן ווייסע, ווייט-זיך-ציענדיקע וועלדער איינגעשלונגען.

## קאַפּיטל יב

אינעם מילכווייסן פראַסטיקן קאַיאָר האָבן ביקסן זיך צעקנאַלט. באַלד האָט אַן אָנגעצונדן לעמפּל ביי אונדז אין שטוב באַלויכטן אונדזער אַלעמענס בלאַסע פנימער פון שרעק און די אָנגעשראָקענע נאָך פאַרשלאָפענע

אויגן. אין פֿאָדערשטן צימער איז מען געשטאַנען ווי טויב-שטומע, איינגע-הילטע אין נאָך וואַרעמע קאָלדרעס. ס׳האָט זיך נאָך געהערט ס׳ציטערן פֿון יעדן איינעם, א צייןַ-קלאַפּעריי און דאָס איינטאָניקע טיקטאַקען פֿונם זייגער. באַלד האָט אָנגעהויבן אריינשאַריען דורך די לאָדנשפּאַלטן א ליכטיקער קאַיאָר. פֿון דרויסן האָט מען דערהערט א פּאָר יידן זיך דורכשמועסן. ווי פֿון א טורמע זיינען מיר אַלע אין פּראָסטיקן דרויסן ארויס. דער האָריזאָנט הינ-טער אָקניצער באַרג האָט רויט געשרפֿעט. מ׳האָט קענטיק דערוואַרט א פּראָסטיק-בייסנדיקע זון אין א טיף-בלויען הימל, וואָס וועט שפּעטער זיך חנדלען צום צעציטערטן שטעטל. האָט אָבער מאָרגנרויט, מעשה קונצנמאַ-כער, זיך אומגעריכט פֿאַרוואַנדלט אין וויאָלעט-בלוי, דערנאָך — אין טרוי-עריקן טונקעלן אש-גרוי. און ווי פֿעדערלעך פֿון ווינט צעבלאָזטע, האָבן זיך מיט איין מאָל צעטענצלט דינינקע שנייעלעך.

אינמיטן מאַרק, ביי דער קערניצע, וואָס איז באַדעקט געווען מיט א ווייסער, דיקער, אייז-הויט, האָט געעלנט א שליטן, איינגעהילט אין א גע-דיכטער פּאַרע, ארויסגערויכערט פֿון ברייט-צעבלאָזענע פֿערדישע נאָזלע-כער. אין באַשנייטן שליטן, אויף פֿאַרוויאַנעטע, מיט בלוט באַשפּריצטע לו-זשאַנעס,איז געלעגן אויסגעצויגן א סאָלדאַט. זיין פֿאַרהאַרטעוועטער גוף איז געווען איבערגעדעקט מיט א טונקל גרויען שינעל. זיינע שטיוול האָבן ארויסגערוקט א פּאָר באַשנייטע נעז, די פֿאָדעשוועס האָבן געשמייכלט מיט א סך ווייסע צוויעקעס. ביים שליטן האָבן א פּאָר באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן אָן אויפהער אוים קעלט אונטערגעטענצלט, געקלאַפּט שטיוול אָן שטיוול, זייערע מילך-בלויע פּנימער, מיט רויטע, ניט אויסגעשלאָפֿענע אויגן, זיינען געווען אָנגעפּולט מיט נאַכטישער שרעק. מ׳האָט באַלד חברותא געשלאָסן מיט די פּאָר סאָלדאַטן, פּאר זייערטוועגן איינגעוויקלט אין פּאַפּיראָס-פּאַפּיר ציגאַרן און פּאַרטיקע, שוין פֿאַררויכערטע, זיי אריינגעשטעקט אין זייערע מיילער. מ׳האָט זיי געפֿרעגט:

— א סאָלדאַט?

— א סאַרזשענט. אין וואַלד ביים דניעסטער...

— ווער?

— באָלשעוויקעס, א רוח אין זייער מאַמעס קלויסטער! קאַצאַפּעס מיט לאַנגע בערד.

— מ׳האָט זיי געכאַפּט?

— זיי זיינען אַנטלאָפן.

א ייד האָט זיך צעוויצלט:

— געדאַרפט שיטן א ביסל זאַלץ אויף זייערע ווייַדעלעך... כ׳וועל דברן מיט זיי, צי מ׳קאָן „אַנ׳פּנים׳ען דאָס מת״.

סאָלדאַטן האָבן דערלויבט. מ׳האָט דעם טויטנס פּנים, אויפגעדעקט:

— יהודים, ס׳איז דאָך יענער כלב, וואָס מ׳זאָגט, אז ר׳איז א משלנודי־קער. יענער וואָס פלעגט ממיתן.

— איז ווי אַזוי־זשע מיינט איר, ווו וועט מען מקבר זיין דעם „קדוש״? טאָקע ביי אונדז?

— און אַז ביי אונדז וואָס אַרט אייך?

אויסגעשלאָפן, אויסגעצוואָגן, אויסגעזייפט און פאַרפודערט ווי א מיידל ערב אָנקוקן זיך מיט א חתן, איז אָנגעקומען דער קאָמענדאַנט. פון אונטער דעם ענגן צונויפגעקלעפּטן קאָלנער, האָט ארויסגעקוקט זיין רויטער האַלדז. פון ליכטיק־גרויען, גוט צוגעפּאַסטן שינעל, האָבן געבליאַסקעט מע־שענע קנעפּ, ס׳האָבן אויך געבליאַסקעט די לאַקירענע כאָליעוועס פון זיינע שטיוול. ר׳האָט אראָפּגענומען ס׳היטל און געקוקט מיט א פּאָר אויסגע־גלאָצטע אויגן אויפן טויטן:

— אונדזער בעסטער סאָלדאַט געווען — האָט ער שטיל באַדויערט — געשטאָרבן א העלד פאַרן פאָטערלאַנד, פאַרן קעניג!

פאַרנאַכט האָט מען טאָקע געהערט עטלעכע זאַלפּן פון ביקסן. שפּע־טערצו איז די ידיעה אָנגעקומען: ביים ווייס־געקאַלכטן קלויסטער, האָט מען אוועקגעשאָסן א צענדליק גויים פון נאָענטן דאָרף.

## קאַפּיטל יג

א בונט. פון די ארומיקע דערפער איז ער געקומען. דאָס שטעטל איז ווי אויסגעליידיקט געוואָרן פון די רומענער. זיי האָבן זיך גרופּנווייז אַוועק־געלאָזט מיטן וועג וואָס פירט צום וואָקזאַל און פון דאָרט זיך פאַרקירע־

וועט אין נאָנטן ווייסן וואַלד, וואָס האָט געגרוט איינגעהילט אין א פּראָס־טיקן נעפּל ווי אין תכריכים. פּלוצים האָבן זאַלפּן פון א פּאָר הונדערט ביקסן, זיך צעשאָטן אין דער פּראַסטיקער לופט פון שטעטל און אָפּגע־קלונגען מיט א געקלימפּעריי פון פאַלנדיקע שטאַבעס אייזן. רעדלעך מענטשן אויף דער גאַס האָבן בהלה׳דיק זיך גענומען לויפן, צו דער ערד געבויגענע אין דרייען. מ׳האָט געאײַלט צו די היימען. עמעצנס א גע־שריי האָט אָפּגעהאַלטן די מענטשן פונעם לויפן:

— שרעקט זיך ניט. מ׳שיסט אין דער לופט אריין, עס זיינען „אונ־דזערע".

פון געסלעך, פון ליקלעך האָבן זיי זיך א שאָט געטאָן. יונגינקע שקצימלעך מיט ביקסן לענגערע פאַר זיי. געוועזענע מלחמה וועטערא־נען. זיי אלע מעשה העלדן האָבן געשמייכלט צופרידן. אייניקע האָבן גלאָט צוליב יוצא זיין, געטראָגן אַלטע פאַרזשאַווערטע יאַגד־ביקסן. ביי אַנדערע זיינען די ביקסן געווען אָפּגעפּאַרבטע און מיט בוימל אויסגע־שמירטע. ביי דער קערניציע האָט אן עולם ארומגערינגלט א יונגן בלאָנדן קאַצאַפּ אויף זיין גאַרטל זיינען געהאַנגען א פּאָר גראַנאַטן און א גרויסער נאַגאַן. ער האָט געשמייכלט מיט א מויל אָנגעפּולט מיט געזונטע ציין, מיט בלויע אויגן, אַלעמאָל אויסגעטאָן די פּאַפּאַכע און מיט די פינגער אריינגעשפּאַצירט אין פּאַפּושויען־געלן ניט פאַרקעמטן שרינט, ווי אין א גאָרטן.

— נו, סעריאַזשקאַ, אַווּ זיינען די איבעריקע?

— א קאַק זשע? ס׳גייען אהער גאַנצע עשאַלאָנען אין באַנען בראָ־נירטע.

ס׳איז טאַקע אויף אָקניצער באַרג געשטאַנען אן אַלטער פאַרזשאַ־ווערטער האַרמאַט. מ׳האָט זיך געפּאָרעט ארום אים, ווי ארום א חולה מסוכן, געריבן, באַשמירט מיט אויל און געמונטערט. ביזוואַנען דער אַר־טילעריסט א מלחמה אינוואַליד מיט א הילצערנעם פוס, א פאַרשוויצטער נאָך פיל מיען זיך האָט אָפּגעווישט אין א פּילקע זיינע שוואַרץ־פאַרשמיר־טע הענט, א שפּיי געטאָן און געזאָגט:

— דער „אַלטיטשקער" קען שוין מער ניט פּייפן, אומזיסט די אַרבעט.

מ׳האָט פאַרלאָזט דעם האַרמאַט. פונוויטנס האָט זיין חוצפּה׳דיקער געצילטער פּיסק צום הימל, דערמאָנט אין א סטראַשידלע.

ארום האַלבן טאָג האָט פון נאָענטן וואַלד, א האַרמאַט זיך צע־ברומט. דער דונערדיקער שאָס האָט צעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל. דער ערשטער קרבן איז געווען דער ישיש, דער אַקאַציע בוים וואָס באַ־שיינט אונדזער גאַס. זיין נאַקעטע ברייט־צעצווייגטע קרוין איז א באַשנייטע געלעגן איבערגעבראָכן, פון זיין שטאָם האָט בלוי געראויכערט. א שטיל קרעכצן פון בוים האָט געקלעמט דאָס האַרץ פון די צוזעער. גלייך ווי זומער־דיקע האָפענונג איז מיט אים אָפּגעשטאָרבן. עס וועט שוין קיינמאָל מער קיין מענטש זיך אָפּקילן אונטער זיין שאָטן און קוויקן זיך מיט זיין זיסן אַראָמאַט.

טאַ־טאַ־טאַ! האָבן פּולעמיאָטן פון העט וויט זיך קינדעריש צעלאַכט איבערן מיטאַמאָל טויט־שטיל־געוואָרענעם שטעטל. ווי א גרויסער האָגל, קלאַפּן קוילן איבער די שינדלענע דעכער, אויף שויבן ניט פאַרלאָדנטע וואָס צעבראַזגען זיך. פון צייט צו צייט דערהערט מען א וויטיקדיקן אויסגעשריי, א שטום קרעכצן, וואָס ווערט פון מינוט צו מינוט שוואַכער און שטילער.

— די רומענער! די רומענער —האָט אן אויסרוף געוואָרנט — זיי קומען צוריק!...

מיר און אלע אונדזערע שכנים, ליגן איצט איינגעטוליעט איינער אינעם צווייטן, אין אונדזער גרויסן פּייכטן קעלער. אזוי ווי יעדן איינעם פּייניקט מיך די שרעק מיט א ציטערן, און מיט א גרויל וואָס גייט איבער מיין לייב. איך באַהאַלט מיין פּנים צווישן מיינע דלאָניעס און פּונקט אזוי ווי מיין שטענדיק וויינענדיקע שוועסטערל, וויין איך מיט אן עלנטן גע־וויין...

אלי! אלי! ס׳איז מיר אזוי קאַלט, און עס גרוילט מיך אזוי! ווען וועט שוין די וועסנע קומען? האַ, ווען?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז ווינטער יאָר 1941. אויף ווייסע פוסטע פעלדער, הוליעט א זאַוויערוכעדיקער שניי־שטורם. אַלץ ווייזט אוים וועט מסתמא, שוין אזוי אייביק זיין: דער בלינדער אש־גרויער הימל, די שטומע שרעקלעך שריי־ענדיקע שטילקייט. פון ווייט קומט זי, די וויי־שרייענדיקע שטילקייט, פון שטעט און דערפער חרובע, פאַרברענטע, פון לעבנס אומגעבראַכטע דורך מענטשן, חיה׳דיקערע ווי חיה׳ס.

העט ווייט אין שנייאיקן מדבר, באַוועגן זיך הילפלאָז צוויי שוואַרצע פינטעלעך, יעדעס מאָל שלאַבערדיקער, לאַנגזאַמער ווי אן אומרו פון א ניט אָנגעצויגענעם זייגער. — א זיידע מיט אן איניקל. אן אַלטער יידישער זיידע אין דרייען געבויגן, טראָגט פאַרסאָפּעט זיין אייניקל. ס׳פּנים צעאַקערט פון קנייטשן, די באָרד ווייסער פון שניי. ער זעצט זיך אַוועק.

— שוין... מיין פייגעלע — מורמלט ער שטיל — אָט דאָ וועלן מיר זיך אוועקזעצן... ס׳איז שווער מיר... דער ווינט פאַטשט אין פּנים אריין, דער שניי פליט אין די אויגן אריין.

ס׳קינד, איינגעהילט אין זיין קאַפּאָטע, מאַמעדיק צוגעטוליעט צו א גוף, וואָס וואַרעמט אזוי שוואַך, צו א האַרץ, וואָס ציילט קוים־קוים אוים די לעצטע שעה׳ן. און אפשר — לעצטע מינוטן.

ר׳האָט איצט אין אַלץ און אַלעם פאַרגעסן, אזוי דוכט זיך אים, אין שיינעם נעכטן און שוידערלעכן היינט. א געדאַנק פיניקט, זשומעט אין זיין מוח, ר׳וויל זיך אין עפּעס דערמאָנען.

— א שטייגער, ווי אזוי הייס איך? האַ? נו, טאַקע, ווי אזוי? נאַרעניו, ס׳אַרא נפקה־מינה, א מענטש בין איך, און דאָס איז מיין אייניקל, א כשר נשמה׳לע, א מענטש... נו און די דייטשן? האַ, די דייטשן וואָס זיינען? אויבעט מענטשן... אומשטיינס געזאָגט, מענטשן... א שמייכל צעבליאָס-

קעט זיך א ווײַלע איבער זײַן פּנים, ווי א בליץ זיגזאַגיש איבער א שוואַרץ פאַרכמורעטן הימל:

— א מאָדנע שפּיל דאָס לעבן. אָט דער גוף, באַלאָדן מיט צוויי־און־זיבעציק יאָר, האָט געזוכט צו ראַטעווען צוויי לעבנס. שייך צו זאָגן צוויי לעבנס. אָסור, נאָר איינס. א פּאָר אַלטע רומאַטישע פיס, האָבן זיך צע־יאָגט לייכט, ווי נאָר א יונגער הירש. אָבער פאַרוואָס דאָס לויפן, וווּהין דאָס לויפן? פע, אַזוי לויפן נאָר הינט ערב זייער טויט. העט, נאַרישקייטן... צו וואָס גריבלען זיך? ראַטעווען ס׳לעבן און שוין. אָבער צוליב וואָס, אז ס׳אי זשווין ניט פאַראַן מער, אַזאַ זאַך וואָס הייסט לעבן. ס׳האָט קיין זין ניט, ווען ס׳איז נישטאָ א צוליב ווען....

מיטאַמאָל ווערט דער געדאַנקען פאָדים איבערגעריסן. ס׳לאָזט זיך הערן א שוואַכינק קינדיש שטימעלע. ס׳פינפיעריקע ערשט ניט לאַנג קיי־לעכדיקע פּנימל, וואָס פלעגט הונדערטער מאָל אין טאָג געצערטלט ווערן פון טאַטע־מאַמע, איז איצט וויאָלעט בלוי, דאָס נעזל פּראָסטיק רויטלעך. און די בייזע זאַוויערוכע, אַן אַלטע מכשפה, לאָזט ניט עפענען די אויגנ־דעקלעך, אום די עלנטע וועלט, א נאַאיוון באַטראַכט טאָן, מיט א פּאָר ביר קאָלירטע אייגעלעך: זיידעניו, פאַרוואָס לויפן מיר?

— המ... מלחמה...

— וואָס איז אַזוינס מלחמה?

— קינדעניו טײַערס... ס׳א בלוטיקע שפּיל פון שלעכטע מענטשן.

ס׳קינד פאַרשטייט ניט. ס׳פּיסקעלע, כאָטש מיט שוועריקייטן, באַ־וועגט זיך דאָך: ווו איז די מאַמע, ווו איז דער טאַטע?

— זיי שלאָפן...

— פאַרוואָסזשע שלאָף איך ניט מיט דער מאַמעניו?

א שווערער זיפץ ווערט אַראָפּגעשלונגען. דער זיידע וויינט. ס׳געוויין איז א טיפּס. ס׳איז דער אייביק שטילער אויסגעשריי, פון באַעוולה׳טן און גערודפטן. ליפּן פליסטערן: גאָט פון ליידנדיקע און הילפסלאָזע, אן עדות ביסטו, אן עדות — ערד און הימל, אז מיין אָרעם לעבן איז שטענדיק גע־

ווען געווידמעט, צו מעשים טובים. כ׳האָב קיינעם, קיינמאָל ניט באַ־לייידיקט, ניט קיין אָרעמען, ניט קיין יתום, ניט מיין ברודער און נישט דעם פרעמדן. פאַרן אָרעמאַן איז מיין טיש געווען געגרייט, און דעם רייכן ניט געחנפעט. איצט זע! געקוילעט איז דער מענטש. דאָס גוטע איז אַכזריותדיק צעטראָטן, געבונדן, הילפלאָז. וואָלט דען בעסער ניט געווען, דאָרט אין חרובער היים צוזאַמען מיט אַלע אומקומען? אָט אַזוי טאַקע ווי דו האָסט ליב, אויף קידוש־השם, צוזאַמען מיט אָט דעם תמי־מות׳דיקן טייבעלע?

ער פילט: די כחות לאָזן זיך אוים. פאַרהאַרטעוועט זיינען די הענט און פיס, נאָר אַזוי ווי קלעצער אומבאַוועגלעכע, א קאַלטער שוויים צו־ריזלט זיך איבער זיין לייב, די אויגן טונקלען זיך.

— זיידעניו ס׳איז קאַלט...

— באַלד וועט דיר וואַרעמער ווערן...

אייגעלעך קלעפּן זיך, וויעלעך ציטערן:

— זיידעניו וווהין לויפן מיר?

— פאַראַן א לאַנד מיין קינד...

— ווייט פון דאַנען?

— נאָענט, זייער נאָענט מיין פייגעלע, א בלוי לאַנד. אַלץ איז בלוי דאָרט. בלויע בלימעלעך וואַקסן דאָרט. בלויע פייגעלעך זינגען דאָרט.

— און זיי רעדן צווישן זיך?

— יאָ, זיי רעדן אַנדערש. א זים ווינטעלע קומט צו פליען, טוליעט איין בלימעלע צום צווייטן, און זיי צעקושן זיך.

— און מענטשן זיינען דאָרט פאַראַן?

— ניין, מענטשן, ניט. נאָר בלימעלעך און פייגעלעך, אַלע פון איין פאַרב, איין און דעמזעלביקן ריח.

און ווער וועט אונדז אהינפירן?

—זיי רואיק מיין קינד. זיי קומען שוין, זיי קומען שוין באַלד, פייגע־לעך מהנותווייז פון ליבן בלויען לאַנד, אין בלויע בלומענוועגעלעך גע־שפּאַנט, זעסט ניט ווי זיי איילן זיך? זעסט ניט?...

ניין, ס׳קינד זעט ניט, זי דרעמלט אזוי זיס, זי דרעמלט אזוי רואיק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז ווינטער ניינצן איין און פערציק. אויף דעם ווייסן שניי, ליגן רו־איק אויסגעצויגן צוויי שוואַרצע, איינזאַמע פינטעלעך.



# פאַרטײַטשונג פון פרעמדווערטער

| | |
|---|---|
| זייט 10 — מולאַט | א מישלינג פון א שוואַרצן מיט א ווייס; |
| זייט 10 — סי־סי | יאָ־יאָ |
| זייט 10 — רוססו | א רוסישער |
| זייט 11 — מאַנגאַ, מאַמאָו | טראָפּישע פרוכטביימער |
| זייט 12 — קליענטעלע | פּעדלערײַ |
| זייט 15 — פּיטש־נאַס | אדורכגענעצט |
| זייט 15 — לאַראַנזשן | פּאָמעראַנצן |
| זייט 16 — גרינער | נײַ־אָנגעקומענער |
| זייט 16 — אויסגעגעלט, געלער | כמעט שוין א תושב, וואָס קען די שפּראַך פון לאַנד |
| זייט 20 — אָבריגאַדאָ סעניאָר | א דאַנק הער |
| זייט 20 — פעשטאַ | א חגיגה'לע |
| זייט 21 — רעדע | האַמאַק |
| זייט 21 — קאַרעגאַדאָר | טרעגער |
| זייט 22 — סאָרטימענט | א רומל פון סחורות |
| זייט 22 — טאַכעטל | א קאַרטאָנדל אויף וועלכן עס ווערט אויפגעשריבן דער נאָמען און אדרעס פון קונה |
| זייט 22 — קונד | א קונה |
| זייט 23 — אויסגרינען | בעסער באַקענען זיך מיטן לאַנד און איר שפּראַך |
| זייט 23 — קאַברירן | אײַנקאַסירן געלט |
| זייט 24 — מאַלפּעס | אזוי רופן די יידישע קליענטעלטשיקעס די שוואַרצע פרויען, זייערע קונדן. |
| זייט 25 — ניעסטשאַסטנע | אומגליקלעכער (אויף רוסיש) |
| זייט 25 — סאַנטאַ | א הייליקע |
| זייט 25 — סאַן זשאָרזשע | הייליקער זשאָרזשע |
| זייט 26 — גאַלעגאָ | אזוי רופט מען דאָ א פרעמדן |
| זייט 25 — סאַמבאַ | א בראַזיליאַניש פאָלקס־ליד |

| | | |
|---|---|---|
| זייט 25 | — דאָנאַ | האַרינטע |
| זייט 26 | — דאָנאַ מאַריאַ | אַזוי ווענדן זיך יידישע קלי־ענטעלטשיקעס צו כמעט אַלע פרויען, זייערע קונדן. |
| זייט 26 | — נאָסאָ סעניאָר, נאָסאַ סעניאָראַ | אונדזער האַר גאָט, גאָטס מו־טער |
| זייט 28 | — לוגאַר | אַ געגנט |
| זייט 28 | — קאָנטעס | טויזנטער |
| זייט 29 | — צוואָק | אַזעלכער וואָס צאָלט ניט |
| זייט 29 | — אַ וואָנטאַדע | איבערגענוג |
| זייט 29 | — טערנעס | אנצוגער |
| זייט 29 | — פעשטע | פעסט |
| זייט 30 | — קאַבאָקלעס | בראַזיליאַנער פון הינטער־לאַנד |
| זייט 31 | — מיזעראַבעל | אַ קאַרגער, איינער וואָס פאַר־גינט זיך ניט |
| זייט 31 | — ווענדעדאָר | דער וואָס אַרבעט ביי אַ צווייטן ווי אַ פאַרקויפער |
| זייט 31 | — אָנגעפּאָיעט | אָנגעטרונקען (רוסיש) |
| זייט 36 | — פראַסאַ | אַ רו פלאַץ מיט אַ שטאָט־גערטנדל |
| זייט 60 | — אַ „פעקל" | קרעדיט־סחורה |
| זייט 60 | — ווענדעדאָרסטווע | אַרבעטן ביי אַ צווייטן און פאַרקויפן פאַר יענעם |
| זייט 61 | — לאַטכען | גנב |
| זייט 63 | — באָם דיאַ | גוט מאָרגן |
| זייט 63 | — קאָמאָ פאַסאָו | ווי אַזוי האָסטו פאַרבראַכט |
| זייט 63 | — אַטע לאָגאָ | אויף ווידערזען, ביז שפעטער |
| זייט 63 | — מעיאָ דיאַ | מיטיק־צייט |
| זייט 63 | — אַלמאָסאָ | מיטיק־עסן |
| זייט 64 | — סאָסיעדאַדע | געזעלשאַפט |
| זייט 65 | — נאַמאָראַדאָ | געליבטער |
| זייט 113 | — פיגאַראַ | אַזאַ סאָרט זשוק, ענלעך צו אַ גריל |

| | |
|---|---|
| **זייט 120 — פּעטעקאַ** | אַזאַ קינדער־שפּילעכל |
| **זייט 125 — אינטעריאָר** | הינטערלאַנד |
| **זייט 159 — אַ קאַסאַ, אַ קאַסאַ אינצעלעזש?** | אַ היים, אַ היים, איר פאַר־שטייט? (רומעניש) |
| **זייט 160 — אָפּאַדנע פּאָלאָזשעניע** | באַלאַגערונגס־צושטאַנד (רוסיש) |
| **זייט 161 — זשידאַנעס** | יידן (רומעניש) |
| **זייט 163 — סוויניאַ** | חזיר (רוסיש) |
| **זייט 167 — באַרישניע** | פריילן (רוסיש) |
| **זייט 171 — ציגאַנקע** | אַ מאַרקע פון ציגאַרן |
| **זייט 171 — גאָספּאָדין** | הער (רוסיש) |
| **זייט 171 — נאַבאַווקעלע** | אַ שטיצע |
| **זייט 173 — סווידאַניע** | באַגעגעניש (רוסיש) |
| **זייט 176 — פּאַני קופּטשי יעי באָ־הו טאָזש צע פּאַפּער** | סוחר! ביי גאָט, ס'איז דאָך פּאַפּיר (רוסיש־כאָכאָליש) |
| **זייט 176 — מוזשיצקאַ האָלאָוואַ, טאָזש צע אַווסטרייסקי טאָוואַר** | גוי'שער קאָפּ, ס'איז דאָך עסטרייכישע סחורה (רוסיש־כאָכאָליש) |
| **זייט 176 — גאַרניטור** | קאָסטיום |
| **זייט 177 — אַ סקילקי כאָטשעטע?** | און וויפל ווילסטו? (רוסיש) |
| **זייט 177 — אַן אָפּגעשטעלטער** | פריי פון מיליטער־דינסט |
| **זייט 178 — פּליען** | געפענגעניש |
| **זייט 178 — פּאַדערשקע** | שטיצע (רוסיש) |
| **זייט 178 — קאָניעטשנאָ** | אוודאי (רוסיש) |
| **זייט 179 — אָטרעטשאָמסיאַ אָט סטאַראָוואָ מיראַ!** | לאָמיר זיך אָפּקערן פון דער אַלטער וועלט (רוסיש) |
| **זייט 179 — דאַ זדראַווסטוויעט סלאָבאָדאַ!** | עס זאָל לעבן די פרייהייט (רוסיש) |
| **זייט 181 — דאַמסקע טופלע** | אַ פרווענשוך |
| **זייט 181 — אָדעסקי סאַפּאָזשניק** | אַן אָדעסער שוסטער |
| **זייט 181 — „פּערוויקלאַסני"** | אַן ערשטקלאַסיקער |
| **זייט 181 — „זדראַסטוואָיטע גאָס־פּאָדין סאַפּאָזשניק"** | זייט באַגריסט הער שוסטער (רוסיש) |

| | |
|---|---|
| **זייט 182 — דאָמנולע** | הער (רומעניש) |
| **זייט 182 — עטויך דומנעזעאו אַ מאָטי!** | א רוח אין דיין גאָטס מאַמען (רומעניש) |
| **זייט 184 — „גראַניטשערן"** | רומענישע סאָלדאַטן פון דער גרענעץ־וואך |
| **זייט 185 — לעדאָוונע** | א קעלער ווו ס'ווערט באַ־האַלטן אייז |
| **זייט 188 — העי, ביפּאַ באָהו, טאָזש יאַ ראַבינאַ דאָ האָרודי וויזו!** | העי, האָב מורא פאַר גאָט, כ'פיר דאָך א רבין אין שטאָט אריין! |
| **זייט 188 — אַ או מענע שאָ, איווי־נאַ נאַ וואָזי?** | און ביי מיר וואָס מיינסטו איז טינוף אויפן וואָגן? |
| **זייט 194 — אָ באָהו זנייע ליודי דאָברי** | גאָט־ווייסט גוטע מענטשן (רוסיש) |
| **זייט 194 — „עסטער"** | דניעסטער |
| **זייט 195 — „אויף יענער זאַט"** | אזוי פלעגט א בעסאַראַבער ייד באַטיטלען די אוקראַינע |
| **זייט 195 — וולאַסט** | א רעגירונג |
| **זייט 201 — ספּאַסיבאָ** | א דאַנק |
| **זייט 202 — א פיראַוויגנדיקער** | א מסור |
| **זייט 203 — פּאַני־בראַט** | א גוטער ברודער |
| **זייט 210 — א משלנודיקער** | אן אונדזעריקער |
| **זייט 211 — א קאַק זשע** | נו, ווי אזוי? (רוסיש) |

**תיקון־טעות:**

זייט 145 — שורה 15 פארביטן מיט שורה 14.

זייט 152 — שורה 23 דארף זיך לייענען: ווי די איצטיקע.... אָנשטאָט אצטיקע

# אינהאַלט:

### ערשטע טייל



### צווייטע טייל

